# ליכטיקע ווייזערס

פון

שרה פעל-יעלין



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „פריינט"
באָסטאָן, מאַס.

1946

אַנדערע ביכער ביים זעלבן שרייבער:

**טריט נאָך טריט**

פּאָעמען און דערציילונגען
פאַר קליין און גרויס

אילוסטריט פון
נאָטע קאָזלאָווסקי

**נעהנטער**

פּאָדערבלאַט געצייכנט פון
היימי יעלין

געזעצט און געדרוקט בײַ דער

אינדעפּענדענט פרעס, באָסטאָן

„איצט באַנעם מיר וואויל —
אַזוי איז שוין אין תמצית פון זאַכן באַשטימט,
אַז פון יעדן פאַרווירקלעכטן דערפאָלג —
וואָס עס זאָל ניט זיין —
זאָל עפּעס אַזוינס אַנטשטיין,
וואָס זאָל פירן צו אַ גרעסערן קאַמף.”

— וואָלט וויטמאַן
„דאָס ליד פון דעםברייטן שליאַך"

# ליכטיקע ווייזערס

אויף יענער זייט ים,
יעדער שפּאַן איז אַ קבר פון ברידער אין פייער,
ווי ליכטיקע ווייזערס,
זיי זיינען אויף פּלאָנטער פון וועגן צעשטעלט —
ס'האָבן פעלקער די ליבסטע געגעבן
דעם פרידן צושטייער —
זוימען פון פרייהייט —
משכנות פאַר אויסלייז פון וועלט.
אַ זאַך וואָס געוועזן ווערט קיינמאָל
אין וועלט ניט פאַרלאָרן —
די שטים פון קרבנות פאַר יושר
קען טויט ניט פאַרשטומען:
פון קברים, פון טיפן, פון מענטשישע אַשן —
מיליאָניקע כאָרן —
זי וועט אונדז ביים וואַכן און שלאָפן אַנטקעגן קומען!
ניט ווי אַן אייביקע וואונד אויף די פּלייצעס
פון ברידער געשפּאַרטע —
ווי שטוים-קראַפט, וואָס וויים ניט פון ערדישע צאַמען
און ס'וועט זיך אויף „נאַרער"
די גבורה פון העלדן גענאַרטע
אַ לאָז טאָן מיט אימפּעט פוןביידע זייט ים'ען!
געפאַלענע העלדן
ווי רינגען מיט לעבן זיך קייטלען,
זיי וועלן פאַרשטעלן דעם קער אויף צוריק!
ווי ליכטיקע ווייזערס
אין צייט'ס בין השמשות זיי טייטלען
און וואַכן ווי אייביקע ליכט
איבער חלום פון גליק!

# ביים באַן

(מיין זון וויקטאָר אַ מתנה)

אַ בינטל רייפע, זאַפטיקע טרויבן — רעקרוטן !
די באַן ווארט . . .
טירן — אָפענע, הונגעריקע מיילער —
וועלן באלד זיי
איינשלינגען,
צונעמען . . .
און הערצער צאַפּלען זיך אין ווייטאָקדיקע קלעמען,
און וויעס ראַנגלען זיך מיט טרערן אין די אויגן . . .
אָנגעצויגן, ווי די סטרונעס פאַרן אָנהויב שפּיל,
שטייען טאַטעס, מאַמעס, נאָענטע און געליבטע . . .
אַ מאַמע טוליעט, זעטיקט זיך מיט פּנים פון איר קינד
און זוכט עפּעס אין זיינע טיפע, בלויע שפּיגל-אויגן,
אין שיינענדיקן גאָלד פון כוואַליענדיקע האָר.
אַ שוועסטער, מיט חנ׳עוודיקן קאָפּ
צום הויכן ברודער אויפגעהויבן,
קען זיך גאָרניט גלויבן אַז ס׳איז שוין . . .
זי גלעט און קנעט אַריין איר ליבשאַפט
אין גרויסער, שטאַרקער האַנט !
ביים וואַנט, — פאַרקניפּט, פאַרשטאַרט — אַ פּאָרל :
פּנים צו פּנים,
אָטעם צו אָטעם,
בליק צו בליק . . .
ער גייט . . . אָן ווערטער, אָן רייד . . .
ווי ער וואָלט די רגע׳ס פון צעשייד און גליק,

מיט זיך אין שלאכט געוואלט פארנעמען
אלם כישוף געגן שונא
און שילד אנטקעגן טויט . . .
די באן ווארט.
די רגע׳ס גייען אוים . . .
דער גלאק קלינגט,
די טיר שלינגט,
דאס הארץ זינקט . . . שוין!
א קוש,
א גלעט,
א דריק,
א ריר . . .
„א, מיר זאל זיין פאר דיר, מיין קינד,
האב לאנגע יאר . . . ברייננ זיג"
עם ווייען ציטערנדיקע הענט ווי פאנען אינם ווינט,
באגלייט פון מאמעם ברכה:
„פיר אים באן און ברייננ אים מיר צוריק
מיט קירצסטן וועג.
און דו, מיין לאנד, נעם אויף מיין טייערסטן פארמעג
אונטער דיין גרויסער, ווארעמער השגחה.
דו וועסט אים איצט א מאמע ווערן
און אים באזארגן,
און אים באשיצן
מיט דיינע שטרייפן, דיינע פירנדיקע שטערן,
ווי איך האב עם פאר דיר, מיט פרייד, געטאן
די לעצטע אכצן יאר!"

באסטאן, מאסאטשוזעטס, דעם 9טן יוני, 1943

# בליציקע דעקאַדן

וועלט־צייט האָט שוין אויפגעהערט
צו מעסטן גאַנג אין טעג —
זי חשבונ׳ט איצט אין ברייטע, בליציקע דעקאַדן.
דאָס לעבן האָט זיך מורא׳דיק פאַרשפּעטיקט אויף זיין וועג,
אין בלוט געשטעמפּלט פּלאָנטערן זיך זיינע סליאַדן.

ניטאָ קיין זין צו ציילן מייל־סלופּעס פון לויפנדיקן צוג —
ווי רויך אַנטלויפט דאָס אַלט־געוואָרענע צוריק,
און בלויז דאָס פּלאַטערן פון פאָנען אינ׳ם פלוג
ווייזט אָן ווי נאָענט דאָס לעבן איז צו יענעם זייט פון בריק.

דער וועט־געלויף מיט צייט וועט ס׳לעבן שטאַרקן —
אַ שטראָם צעוואַקסט זיך טיף און ברייט
אויף וועג צום אָקעאַן —
דורך בלוט און טרערן, דעם יאָך פון איינגעהויקערטע קאַרקן
וואַרפט לעבן הינטער זיך מיט יעדן שפּאַן!

ס׳וועט צייט און לעבן באַלד זיך טרעפן און באַגריסן,
ווייל אויף איר ציפערבלאַט צעלויכטענעם
האָבן די ווייזערס זיך באַרירט —
און וועלט וועט דאַן אין אייניגקייט איר פרייד און רו געניסן
און דריקן האַנט ביים ראַד,
וואָס האָט איר שיף צום האַפן צוגעפירט.

# צו די וואָס גייען אָפּ מיט בלוט

אַן אומרו איז אַריין אין מיינע גלידער —
איך ציטער הינטערשטעליק בלייבן פון מיין צייט,
אייל איך זיך פאָראויס מיט מיינע לידער
אַנטקעגן צייט, וואָס איז שוין גאָר ניט ווייט . . .

דער היינט איז שטענדיג אַנדערש ווי דער נעכטן,
דער מאָרגן וועט זיין אַנדערש ווי דער היינט,
אַנטקעגן די, וואָס מאָרדן און וואָס שעכטן
קומט איצט מיט יעדער רגע צו אַ פריינט!

און דאָרטן וואו מען האָט מיך געבריט און געזאָדן
איז מען גרייט אַצינד זיך צוהערן צו מיר;
אָט דאָרטן וואו מ׳האָט פאַרמאַכט די לאָדן,
צעעפנט מען מיט פרייד פאַר מיר די טיר.

אין מיינע רייד דערקענען זיי די אייגענע געדאַנקען
און וואונדער פלאַטערט אויף אין אויפגעמאַכטע אויגן —
ניין, די ליפּן שילטן שוין ניט מער — זיי בענטשן, דאַנקען
ווייל כ׳האָב אַ בעלים פינצטערן פון אויג אַראָפּגעצויגן.

אַן אומרו איז אַריין אין מיינע גלידער —
דאָס איז דער צער פון וועלט אונטער מאַמאָנס קנוט,
אייל איך זיך מיט גוטע בשורה־לידער
צו די וואָס גייען איצט אָפּ מיט בלוט!

# סטאַלינגראַד

וועןָ סטאַלינגראַד וועט אַ לעגענדע ווערן,
און זיינע העלדן וועלן גרויע זיידעס זיין,
וועןָ אויף חורבות וועלן הייזער גרייכן צו די שטערן,
און ערד וועט אויפלעבן מיט ברויט און וויין,
וועט אייער אויפטו, פעלקער פון סאָוועטן,
זיין קוואַל פון וואונדער,
פאַר אייניקלעך און קינדער
פון אַ געראַטעוועטן דור!

ראַטנלאַנד!
אַ פערטל הונדערט יאָר —
פון צאַרישער געפאַלנקייט
האָט זיך ווי אַ רויזנקוסט צעבליט,
אַ רויטער שטערן — אַ מאָרגן־שטערן
האָט זיך צעגליט —
אַן איינזאַמער ליכט־טורעם
אין שטורעמדיקער וואָר.
אַ פערטל הונדערט יאָר —
האָמער אויף קאָוואַדלע,
סערפּ איבער גיפטיקע דערנער,
שלאָס און ריגל,
טאַנקען און קאַנאָנען
אויף גרעניצן און וואַך־פּאָסטנס
פון דיין צעבליטן רחבות!
געוועןָ אַ וויסטער צאַר,
געוועןָ דעניקין, וורַאַנגעל און קאָלטשאַק,

געוועןָ אַ פּאַק פאַר׳שיכור׳טע
צערייצטע וועלף
אַרום דיין אָרים וויג, סאָוועטנלאַנד —
און עופ׳עלע מיט נאָפל
אין צעפליקטן שוים פאַרפּלאָנטערט . . .
שפּעטער — טראָצקי — יודאַס און זיין סוויטע —
מיט קלאַפּער־שלאַנג אין בוזים,
מיט האָניק אויף די ליפּן,
מיט קוש פון טויט ביי יעדן ריר.
שווער געווען איז אויסזיפּן דעם קערן
פון אַזוי פיל פּסולות.
אומפּלייט — קליינע, בייסיקע —
אַריינגעוואָקסן אין דער סאַמע הויט,
אין בלוט־שטראָם פון דיין יונגן גוף.
ווי איצט, אין שטאָט פון גרויסן סטאַלין,
אַ בלוטיקער געראַנגל
פאַר יעדן זעמדל,
יעדן ציגל,
פאַר יעדער חורבה,
יעדער רעשטאָוואַניע —
פאַר יעדן שפּאַן פון נייעם וועלט־געבוי.

און אָט דערלעבט!
ס׳איז גראַם און ציכטיק:
ניטאָ קיין שפּינוועבס,
ניטאָ קיין שוואַרצע שפּינען,
פאַרטריבן אומפּלייט פון דעם בנין —
ס׳איז יום־טוב באַגינען:

זון און זיג פֿאַר בויער —
ביים גרייטן טיש,
ביים פֿולן שייער,
ביים וואַרשטאַט און מאַשין,
ביים קינסטלער און ביים וועכטער
פֿונ׳ם לאַנד,
ביי ערד וואָס גיט מיט פֿולער האַנט
און צאָלט מיט פֿרייד
פֿאַר ליבשאַפֿט, מי און שוויים!

ראַטנלאַנד — אַ פֿערטל הונדערט יאָר!
אַ דור פֿון וואונדער-קינדער,
מייסטער בויער, געבוירענע מיט פֿליגלען,
אַ דור מיט הערקולעסן-כח
פֿאַר וועלכן ס׳בויגט זיך יעדע וויסטע מאַכט.
אַ דור מיט הערצער מעכטיקע
ווי שונא׳ס שטאָל,
וואָס גייט מיט ליד אין שלאַכט
ניט צו שטאַרבן פֿאַר אַ לאַנד
נאָר צו לעבן פֿאַר אַ וועלט.
פֿון שאַסטאַקאָוויטש ביז ליודמילאַ פּאַווליטשענקאַ
פֿון טימאשענקאָ ביז מוטיקן טאַנקיסט און פּאַרטיזאַן —
אַ רויטער לעבעדיקער דראָט,
אַ טויט-געלאָדענער פּאַרקאַן
פֿאַר יעדן חוצפּה׳דיקן פֿיינט
וואָס וועט באַטרעטן זייער היים.

ס׳איז אָנהויב
פֿון דיין צווייטן פֿערטל-הונדערט, ראַטנלאַנד,

דיין לייב אין וואונדן,
ביז סאַמע ביין צעביסן,
דיינע יונגע אָדערן צעטרענט —
געשענדט ליגט
דיין מי,
דיין ערד
דיין פרויענטום —
נאָר איצטער שטייסטו ניט אַליין —
שטאָלץ פלאַטערן און רופן דיינע פאָנען
אין יעדן לאַנד וואו פרייהייט האָט אַ ווערט —
דו ווערסט באַערט מיט דרך ארץ
און לויב דיין גרויסן נאָמען
הילכט פון ראָגן און פון סקווערן
אין יעדער שטאָט און דערפל
פון דער וועלט.
דערלעבט . . .
פאַראייניקטע נאַציאָנען,
פאַראייניקטע אַרמייען,
פאַראייניקטער אָרקעסטער פון שטאָל און פייער
באַגלייטן צו פאַרגעסנקייט
דעם טרעגער פון גיהנם.

סטאַלינגראַד — דער קער ביים ראַנד פון אָפּגרונט,
דער קריזים פון דער פיבערישער ערד:
ס'האָט ל ע ב ן טויט
פאַרקוקט אין אָפּשיילעכן פנים
און באַפוילן:

פאַר סטאַלינגראַד,
פאַר רזשעוו,
פאַר לענינגראַד,
פאַר מאָסקווע,
פאַר יעדן קיילעכל פון בלוט,
פאַר יעדן ציגל,
יעדן זאַנג אין פעלד —
ט ױ ט  ד ע ם  ט ױ ט !

— — — — — — —

ווען סטאַלינגראַד וועט אַ לעגענדע ווערן
און זיינע העלדן וועלן גרויע זיידעס זיין
וועלן קינדערלעך פון פרייע פעלקער הערן
וועגן נס פון יענע וואונדער טעג
ביים ברעג פון גרויסער מאַמע וואָלגאַ!

אַקט. 1942

# נייע צייט רעכענונג

דער אַלטער שטייגער שמידט זיין זעלבסטמאָרד־וואָפן —
שוין ווידער הילכט אין לופט דער דזשאַנגל־כאָר —
אַ נייע צייט־רעכענונג ווערט איצט באַשאַפן,
ס'ווערט חשבון פון אַמאָל געקירצט מיט יעדן יאָר.

ווי אַן אַנגעזאַפּטע שוואָם מיט אומרו אָנגעלאָדן —
דאָס לעבן איז שוין רייף פאַר איבערבייט —
די פעלקער שפּירן אונטער אייגענע פיס דעם באָדן,
זיי פילן אין געביין — עס קומט די צייט!

ס'האָט נייגצן־זיבעצן געוואָרצלט און געאַקערט —
אַ פעניץ ערד האָט זיך אין ווינטער־צייט צעגרינט,
ביים אָנהויב האָט אַ שטערן זיך צעפלאַקערט
און גלייך די נאַכט מיט ליכט אַדורכגעשפּינט.

עס ברעכט שוין באַלד די פינסטערקייט צוזאַמען —
די פעלקער רייבן אוים דעם שלאָף פון אויגן —
אַ נייע צייט־רעכענונג קומט אויף פון בלוט און פלאַמען —
ווייל אַלטער חשבון וועט שוין באַלד ניט טויגן.

# זין פון פעלקער

ניים!
שווער, געשפּאַנט
מיט אויפּריים אָנגעלאָדן
איז יעדער בשורה
פון דעם בלוטיקסטן קאָנטעקסט!
אַ שוואַרצע פּליאַמע
שפּרייט זיך ווי אַ בלינדער בעלים
איבער מאַפּע פון דער וועלט:
פון מערב צו מזרח,
פון צפון צו דרום —
איין פאַרמעסט,
איין שלאַכט-פעלד,
איין פייער-שטראָם
איין שאַרף פון שווערד . . .
און אַ ערד אָן אויסגעבלוטיקטע,
וואָס וויל ניט אונטערגיין!

ראַדיאָ דאַיעל . . .
ווייזערם — מאַגישע שליסלען,
לעבעדיקע סטרונעם
פון ווייט און נאָענט,
פון פראָנט צו פראָנט
פון פראָנט צו היים —
אָדערן פולע קלאַפּן אוים
דער פיבער-דופק
פון פאַר׳סמ׳טן וועלט-גוף.

און ס'ציטערט האַרץ —
ס'זאָל צייט ניט בלייבן שטיין
ווען שונא'ס האַנט וועט
מיט אַ בייזוויליקן מיין
פאַרשטעלן וועג
פאַר אָנגעלאָדענע כוואַליעס . . .

ניים . . .
שרעק און בטחון,
מפלה צו נצחון ?
אויף יענער זייט כוואַליע — נחמות . . .
„אַלע פאַר איינעם
און איינער פאַר אַלע" —
רויט-אַרמייער,
בלויע דזשעקעטס,
יענקי העלדן,
און קאָמאַנדאָס
מיט פנים'ער פאַרשמירטע און ליכטיקע נשמות —
זין פון מאַמעס,
זין פון פעלקער
זין פון ראַסן און קאָלירן —
פירן דעם חשבון :
שנאה פאַר שנאה
טויט פאַר טויט !
זיי טראָגן לעבנס
ווי צונטער אונטער שייטערהויפן
פאַרן פינסטערן מכשף
און זיין מין.

# דער שענסטער אויבנאָן

אויפגעקומענע פון סאַמע דעק,
פון סאַמע טיפן,
נעמען איבער רודערן פון זינקנדיקע שיפן
אין מיטן הוראַגאַן!
און אויבנאָן איז דאָרטן,
וואו זיי קומען אָן מיט דרייסטן שפּאַן
און נעמען־אָפּ דאָס צוגע'גזל'טע פון יאָרן
הויפן פּריצ'ישע אין פעלדער,
שייערן מיט קאָרן —
און טיילן אוים מיט שטאָלץ
אַ נייע לעבנס־פרייד, אַ נייע זעט!
דער אויבנאָן איז דאָרט,
וואו ס'שפּילט דאָס אויפגעוואַכטע פאָלק
זיין לעצטן קאָן
אויף שאַך־ברעט בלוטיקער פון צייט
פאַר פּ־ר־י־י־ה־י־י־ט!
אָט דאָרט וואו דערהויבענע, באַפרייטע
קומען אָן —
איז שענסטער אויבנאָן!

## אַ טאַטנס וויג־ליד

קוק מיר אָן, מיין טייבעלע, האַלט דיינע אויגן אָפן,
זאַפּ איין מיין פּנים און מיין גליק אין זיי,
ווערסט אפשר חלומען פון מיר אין שלאָפן,
ווען כ׳וועל פון דיינעטוועגן גיין אין דער אַרמיי.

ס׳איז שטיל אַצינד, מיין קינד, אַרום דיין וויגל —
די ווילדע חיה לויערט נאָך ביים שכנ׳ס טיר —
איז צייט כ׳זאָל גיין און צוטראָגן אַ ציגל
און איינהאַלטן די רוהיקייט פאַר דיר!

קוק מיר אָן, פאַרקריץ דיין יעדן שטריך אין מיין זכרון
ווער ווייס ווי לאַנג מיר וועלן זיין צעשיידט!
ווי גוט דיר איז צו זיין איצט ניי-געבאָרן —
ווערסט אויסוואַקסן — וועט לעבן זיין אַ פרייד.

כ׳האָב אַזוי ליב דיין קערפּערל באַרירן —
אַן אוצר-קעסטעלע מיט לעבעדיקן צוויט פאַר דורות
כ׳הויב ערשט אָן דיין זיסע וואַרימקייט דערשפּירן,
ווי בוים אין פרילינג-שטורעם זאַפּט פון זיינע פּירות!

זאָלסט, קינד מיינס, קיינמאָל פון קיין קריג ניט וויסן,
בלויז אין מעשה-ביכלעך לייענען דערפון,
אין דיינע צייטן, מען וועט אין שטערן שיסן,
אין וואָלקנס נאַרישע וואָס ווילן איינשלינגען די זון.

איך קוק און קען גאָר זאַט ניט ווערן —
ס׳איז ברונעם גליק פאַרזיגלט אין דיין פּיצל גוף . . .
אין ווייטער פרעמד כ׳וועל גרוסן שיקן דיר דורך שטערן
כ׳וועל וויסן אַז מיין זיין, מיין טויט אפילו איז ניט קיין סוף.

# טייוול-קונסט

„נאַצים פאַרוואַנדלען אַ אידישע פרוי
און איר קינד אין אַ אייז סטאַטוע
אין וויאַזמאַ, ס. פ.״

צום מאַרק פון וויאַזמאַ
פירן נאַצים אידן צו דער שחיטה —
צו פאַרגלעטן,
צו פאַרהילכן,
צו באַטרינקען
אין דעם אייגענעם משוגענעם געוויסן
די מפּלה פון „אויבערמענטשן״.

קאַלט,
געלאַסן,
פינקטלעך,
ווי גוט דרעסירטע אוראַנג-אוטאַנגען,
שיקן זיי פייער זאַלפן
אין גרויסן מענטשן קנויל:
מעטאַדיש,
שפּאַרעוודיק —
אַ איד — אַ קויל!
זאַנגען פאַלן,
צווייגען קראַכן —
ס׳שווייגן רייסט די לופט
מיט קריץ פון ציין,
מיט גרויל פון אויגן,
מיט שטום געבעט ... ס׳ווערט שפּעט ...
בלויז ראַיאַ ספּירמאַן מיט איר קינד
איז שטיין געבליבן —

אירע שטייפע פינגער פרעסן ס׳עופ׳עלע
ווי זיי וואָלטן עס צוריק אין לייב אירן
געוואָלט באַהאַלטן . . .

קען עס זיין?
אָן איר פאַרגעסן?!
אָ, ניין —
אין מיטן מאָרד-פעסט
ווערט גאָר אַ קונסט-ראַט אָפּגעהאַלטן:
„זע נאָר, די שוויינין-יודין, די פאַרפלוכטע —
ווי מאַרמאָר-שטיין . . .
ניכט וואַר? . . . זי איסט דאָך שיין . . .
איין היבשעס בילד!
אַהאַ! זי ווערט פאַר אונדז
אַ דיינקמאָל זיין!!!"

ווילד,
מיט וואַנזין אין צעפּלאַמטע אויגן,
ווערן קליידער
פון מאַמע און פון קינד אַראָפּגעצויגן . . .
קאַלטע וואַסער,
ברענענדיקער פראָסט — פראָסט!
אַזוי אומבאַגרייפלעך, גרויליק פראָסט!

נאַכט,
באַגינען,
טאָג . . .
אויף דעם פאַרלאָזטן וויאַזמאַ-מאַרק
אַ גרויזאַמער פּעיזאַזש —

שוואַרצע הרוגים אויף רויטן שניי
און איבער זיי
פאַרגליווערטער אימאַזש
פון אידן־פאָלק —
די יונגע ראַיאַ און איר קינד,
אין שייד פון אייז פאַרקאָוועט,
פון פראָסט פאַרברענט —
פּערפעקטע טייוול־קונסט פון נאַצי הענט...

שוידער־דיינקמאָל
פאַר בלוטיקסטער ממשלה פון קאַניבאַל:
ראַיאַס פּנים — קללה
איר לייב — דער עדות
פון סאַדיסטישער רציחה,
פון וואַנזיניקער גרויסקייט מאַניע
וואָס האָט פון טויט אַליין
אַ שפּילצייג זיך געמאַכט!

— — — — — —

ראַיאַ ספּירמאַן —
מאַדאָנאַ און קינד פאַרבונדן אין טויט!
זי שטייט אויף ערן־וואַך
איבער באַרג מיט קדושים
אויף פאַרשעמטן מאַרק פון וויאַזמאַ
ווי אַ טויטער שטאַם
איבער אַ הורבע צווייגן —
ס'איז איר שווייגן —
דער רוף פון פאָלק אירן
צו פעלקער.

# גלייכגילט

אין אַלע עקן וועלט — אַ פלאַקער!
הימלען ברענען,
ים'ען ברענען,
ס'ברענט די ערד —
זי שעמט זיך מיט איר פריקרער זעט,
און ברעכט אַרויס
דעם היפש'דיקן מענטשן-פלייש
אַנטקעגן גלייכגילט פון דער זון;
זי עפנט אויף
די צענפאַך אויפגעפראַלטע קברים,
און שילט
און בעט: — הילף!

אין מיטן שרפה
שטייט טעמפע גלייכגילט
און סקריפּעט אויף איר פידעלע
דעם אַלטן ניגן — „נאָך . . . ניט . . . גרייט"
אויף פעלדער, העלדן,
סנאָפּעס אויסגעדראָשענער שטרוי,
ווי פרילינג שטראָמען נאָכן ערשטן טוי
פלייצט דאָס בלוט
נאָר איר איז גוט — זי האָט צייט!
זי קוויקט זיך
מיט גבורה און מיט מוט
פון רויטע פייער-לעשער
און פאָכעט מיט דער שווערד ווי אויפצופלייסן . . .

# סאָוועטישע שלוחים

"צוויי אידישע שלוחים — סאָוועטישע מלוכה געסט
אין וואַשינגטאָן, די סי"
אַ פּשוט' שטיקל נייס — אַ קלין פון זון,
אַריינגעשניטן ווי אַן אויסגעשלייפטער חלף
אין גרויל פון נאַצישן שגעון
אַ פייל, אַ ליכטיקע, אויף יענער זייט פון היינט!
סאָוועטן-לאַנד,
וואָס האָט אין אירע גרעניצן
פון שונאים פריינט געמאַכט,
פון פרעמדע — ברידער,
פון שקלאַפן — העלדן
און שטאָלצע קעמפער פון דערשלאָגענע אין תחום'ען
האָט אויפגענומען, ווי די חשוב'סטע געזאַנדטע,
מיט פּאָמפּ און כבוד
צוויי אידן —
צוויי קינסטלער
צוויי זין פון די סאָוועטן —
דעם שטערן פון דער בינע
דעם ליבסטן פון פּאָעטן!
שטיף-קינדער פון נעכטן
געסט געהויבענע פון נייעם היינט —
פריינט,
פאַרוואַנדטע,
שטיצער און באַשיצער פון זייער פאָטערלאַנד!
„ניינצן-דריי-און-פערציק . . . מיטן יוני
וואַשינגטאָן, די סי" — אַ פשוט שטיקל נייס —

געשיכטע וועט דעם טאָג מיט פרייד דערמאָנען:
אידן — מלוכה געסט!
אידן וואָס האָבן פליגלען זיך
פון רויטע קאַמפּס־פאָנען געמאַכט,
האָפנונגען, ווי ליכט פאַרלאָשענע,
אויפסניי מיט שיין פון זון צעצונדן
און וואַנדער־פּיס מיט אייטערדיקע וואונדן
אויף פרייער ערד אַוועקגעשטעלט
צו שלאָגן וואָרצל!
געקומען אידישע שלוחים
מיט בשורות און מיט גרוסן,
פון איד צו איד
פון לאַנד צו לאַנד
געקומען אויפנעמען צעפליקטע פעדים
אין איין שטאַרקן קנויל,
און איבער גרויל פון אונדזער חרוב'ן לעבן
ווייטער וועבן די שנור פון אונדזער קיום —
בטחון און קאַמף.

# מיר קומען צוריק

מיר קומען צוריק!
מיר קומען צוריק!
אונדזער גליק איז אין טיפקייט
פון הערצער באַהאַלטן:
ווי פּערל אין ים,
ווי גאָלד אין דער ערד,
ווי טויט פאַרן שונא
אין שאַרף פון׳ם שווערד!

מיר קומען צוריק!
מיר קומען צוריק!
אונדזער גליק ווערט אין פלאַם
פון׳ם גיהנם געשטאָלט:
אין מענטשישן אַש,
אויף בלוטיקן פעלד,
אין מוסטער קוראַזש
פון סאָוועטישן העלד!

מיר קומען צוריק!
מיר קומען צוריק!
מיר בויען פּאַלאַצן
אויף נאַצישן מיסט,
ניט אומזיסט פאַלן לעבנס —
ס׳איז אונדזערס דאָס לאַנד —
מיר׳ן שטראָפן און מאָנען
פאַר יעדן פינגער פון האַנט . . .

מיר קומען צוריק!
מיר קומען צוריק!
און טראָגן אין זיך
אונדזער אייגענעם גליק —
מירן אויסשמידן אַקערס פון שונא׳שער שווערד,
ס׳וועט ברויט אונדז דערלאַנגען צעטראָטענע ערד
און זאַלץ אירע טייכן פון בלוט און פון טרערן —
אונדזער לאַנד וועט אונדז ווידער געהערן —

מ־י־ר ק־ו־מ־ע־ן צ־ו־ר־י־ק!

אָקטאָבער, 1941

# דאָס געיעג

(צו מוזיק פון מענדעלסאָנס האַנטינג סאָנג)

פאַרבאַרגענע פערל פון ים'יקן שוים —
שלאַגלער ווי וויכערס זיך יאָגן פאַראוים,
יונג און באַפליגלט מיט וואונדער פון צייט,
זיי נעמען איין ס'לעבן פון פענטעם באַפרייט.

זיי יאָגן מאַשינען — בליציקע פערד
זיי שלעפן דעם הימל אַראָפּ צו דער ערד:
טורבינען, מאָטאָרן געזאַנג און געברום
דאָס לאַנד ווערט צעוויקלט ווי פרילינג־בלום.

עס אטעמען סטעפּעס מיט זאַטקייט פון ברויט,
דער שלאַגלערשער טראָט — האַמערט אוים פרייד
דורך בראַוועך עקשנות צו רו, צו גענום
זיי יאָגן זיך נענטער און נענטער צום שלום . . .

דאָס מעסטן זיך שלאַגלער אין שענסטן געיעג
נאָך פולע, נאָך פריילעכע יום־טוב טעג
זיי יאָגן מאַשינען — בליציקע פערד
און ברענגען אַרונטער די זון אויף דער ערד.

# בערג, קלוגע דערפּאַרענע

בערג, בערג, קלוגע, דערפאַרענע,
באַשיצט די פאַרשטאַרטע, פון ווינטן פאַרפראָרענע —
מיט ביקס אין דער האַנט, ביזן גאַרטל אין נעץ —
זיי זיכערן פרייהייט
ביי שטראַסבורג, ביי מעץ, ביי ברעגן פון מעכטיקן רהיין . . .
אפשר קענט איר אייערע פעלזן פאַרשאַרפן, די שפּיזיקע?
אפשר קענט איר פון אייביק-גרין אַן אָפּדאַך זיי פורעמען,
אין עכאָס צעקלינגען דעם שטאָלץ פון אַ מאַמען,
איר שטילן, פאַרשטיקטן געוויין?!

בערג, בערג, פרעמדע, באַוואַלדיקטע,
ס׳רופט צו אייך איצטער אַ מאַמע פאַרצאַרנטע —
ערגעץ צווישן אייערע אוראַלטע פאַלדן,
ליגט דאָרט איר ליבסטער אין פוקס-לאָך באַהאַלטן . . .
אפשר קענט איר אייערע פלייצעס אַ הויב טאָן, די ריזיקע?
אפשר קענט איר אייערע פעלזן פאַרשאַרפן, די שפּיזיקע?
מיט שטראָמען פאַרפלייצן די תהומ׳קע טאָלן
און שונא פאַרשלינגען אין אייערע שפּאַלטן?!

בערג, בערג, פרעמדע, באַוואַליקטע,
שליידערט אַרונטער פון רוקנס פאַרגוואַלדיקטע
שלאַנגען, היענעס, געשטאַלטיקט ווי מענטשן,
און ס׳וועלן די מאַמעס אין לײדיקע היימען
אויף אייביק אייך לויבן, אויף אייביק אייך בענטשן!

צעשאָקלט אין צאָרן אייערע שנייאיקע שפּיצן,
פון וואָלקנס פאַרבעט אַלע דונערן בליצן . . .
אין ווייסע תכריכים וויקלט שונא׳שע פּגרים,
פאַרוויט מיט אַ שטורעם די הינטישע קברים
גיט מאַמע פאַרצאַרנטער האָפנונג און גלויבן
און קינד אירן, שוץ!

# אין אַנדיינק

אַנדיינק-טאָג נאָך העלדן —
טראַדיציע . . . קראַנצן, סענטימענטן —
אויף ווייטע קאָנטינענטן ערט מען העלדן פון אַמאָל
מיט גרויסער טאַט פון היינט,
מיט פרישע קברים,
מיט יונג-פאַרשניטענע רויזן
אין גאָלדענער מאַרטירער-קייט !
פון וואַלי פאָרדזש און בירגער-קריג
ביז אַנציאָ און רוים —
אַ בלוטיקער שליאַד צו פרייהייט . . .

העלדן געפאַלענע — טרעף צום פרידן —
דעם עלטסטן, שענסטן מענטש-טרוים !
אויף פלייצעס פון מאַרטירער שטייט געזיכערט אונזער לאַנד,
אין שטורעם-כוואַליעס פונ׳ם היינט —
אַ טורעם-ליכט, אַ לויכטנדיקער צוזאָג . . .
„דער טאָג״ שטייט שוין ביים שוועל
און קלאַפּט אין יעדער טיר פון אונטערגרונטן . . .

אין אַנדיינק-טאָג פאַר פרייהייט-העלדן,
לויכטן שונא׳ס שטעט, ווי שייטערס אָנגעצונדן,
אין פאַררעטערישער נאַכט.
מיט בלוטיקן שאַמפּאַניער ווייַן פון פרישע וואונדן,
ווערט אין לעצטער שלאַכט געהייליקט אונזער פרידנס-שווּע !

שלאָפֿט רואיק, טייערע,
ווייל אייער קרבן שפּראָצט פֿון קברים-טיף אַרויס
מיט שטאָלץ פֿון פֿאָלק אין גאַנג פֿון זיגערישער צייט —
יאָר נאָך יאָר עס וועלן אַנדערע געדיינק-טעג קומען —
נאָר אין דער נייער וואָר
מיר וועלן אייער אָנדיינק ערן ניט מיט זיפֿצן,
ניט מיט טרערן,
ניט מיט בלומען,
נאָר מיט טאַנץ און ליד אין פֿרידן און אין פֿרייד,
ווייל אייער טויט הויבט אונזער לעבן אויף
צו אייביגקייט.

# עס שלאָגט די שעה

עס שלאָגט די שעה!
סוף פון אָנהויב און אָנהויב פון׳ם סוף —
דער נייסטער קלאַנג אויף כוואַליעס פון דער לופט.
אַ ליבער קלאַנג —
אַ טרייסט, וואָס רופט צום גרויסן זיגרייכן פינאַל...
דער שטראָף־צוג איילט צום ציל;
אויף שווידערלעכסטער שפיל פון דורות און פון צייטן
פאַלט שווער אַראָפּ דער בלוט־צעווייקטער
לעצטער פאָרהאַנג.
שטראָף איז גרייט:
אַ האַרבע און אַ שאַרפע
ווי בלאַנק פון שווערד,
זי וועט ניט שאַנעווען די שונאים.
מיט פּנים שטייף,
מיט ליף פון פיין פאַרביסן,
מיט אויערן אָפענע,
מיט אויגן צאָלרייכע און שאַרפע ווי די שפּיזן,
מיט ליכט אין הענט,
זי וועט אין ווינקלען פינצטערע און אין נאָרעס זוכן,
צו צאָלן מיט דער רייפסטער זאַפט
פון לאַנג־געיוירטן צאָרן — האַס און טויט...
עס שלאָגט די שעה —
אַ שאַרפע גרעניץ צווישן „איז" און „איז געווען" —
שוואַרץ, ווי רויך און האַלעוועשקעס פון פאַרברענטע שטעט,
טיף, ווי ים פון אומשולדיקן בלוט,

פול, ווי אויגן פון מיליאָנען מאַמעס און געליבטע,
אלמנות און יתומים . . .
ס׳קומט די שטראָף —
באַגלייטערין פון פרייע, מוטיקע אַרמייען —
זי קומט פון הויך, פון טיף, פון בערג און פליינען,
פון אַלע וועלט-דימענסיעס מיט אַמאָל . . .
זי קומט מיט וואָג פון פאָלקס-גערעכטיקייט באַלאָדן,
אין שטאָל געפּאַנצערט,
אין פייער אויסגעפּרואווט,
צו אויסגלייכן דעם שווערן חשבון
און צאָלן קרן און פּראָצענט
צו די, וואָס האָבן גרויל געזייט,
און מענטשן בלוט, ווי צירונג, אויף די הענט געטראָגן!
„זיראַ אור״ — גרויסע, אַנטשיידענע שעה —
זיסער קלאַנג,
אַנטשלאָסענער רוף צום שענסטן ציל —
דער שטראָף-צוג נענטערט זיך צו לעצטער סטאַנציע.
לאַנגזאַם, שווער, אין בלוט און פלאַמען
פאַלט דער פאַרהאַנג
ביי דער שוועל פון זיג . . .

# סטאַלין

ניט קיין פאַרבלאַנדזשעטער פונק פון אַ געני איז סטאַלין —
נאָר אוצרות פון פאָלקס־חכמה אין איינפאַכן, פעסטן געשיר,
ניט קיין מעטעאָר וואָס בליאַסקעט אויף
און לעשט זיך אוים אין פאַלן —
אַ זון וואָס ראַדיאירט מיט לעבן דורך איר וואַרימען באַריר.

ער איז שטאָל, וואָס היצט זיך אָן אין פלאַמען,
בויגעוודיק ווי לעבעדיקער שטראָם וואָס וויים זיין צוועק,
ער איז שטאָל, וואָס קען געפאַרן צאַמען,
ער איז אויסדויער וואָס וויים ניט פון קיין שרעק.

ניט קיין אָדלער וואָס אַנטלויפט צו איינזאַמקייט פון הויכן,
ניט קיין לייב וואָס וויל אין וויסטעם הערשן אומגעשטערט —
סטאַלין וויל דאָס סאַמע פשוט׳סטע דערגרייכן —
דער מענטש זאָל וואַכן איבער אַלץ וואָס אים געהערט.

סטאַלינס גרויסקייט טורעמט ניט אין פוסטע הויכן,
זי איז ברייט און רחבות׳דיק ווי זיין סאָוועטן־לאַנד —
אין טיף פון זיין נשמה וועלן פאָרשער טויכן
נאָך סוד פון זיין פיל־אַרטיקן באַשטאַנד.

ווייל ער איז חיבור פון געמיינשאַפטלעכן פעלקער־זין,
וואָס גיט דער אַלטער וועלט אַ נייעם ווערט,
ווייל ער, דאָס קינד פון פאָלק,
פון פינסטערן אַאול דער קעמפנדער גרוזין,
געווידמעט האָט זיין זיין פאַרשעמטער ערד.

זיין אימפעט האָט די וועלט צו זון געטאָן אַ קער,
זיין שוואונג פאַלט פונקט אין צייט אויף גליענדיקן אייזן,
ווייל ער איז ענגלס, לענין, מאַרקס, און עפּעס מער
האָט ער, דורך פאָלק זיינעם, געקענט אונדז וואונדער ווייזן.

„ס'וועט קריגן שונא אויג פאַר אויג און צאָן פאַר צאָן" —
און סטאַלין האָט זיין וואָרט נאָך קיינמאָל ניט געבראָכן —
מיט אים, אַ שטאָלצע, רופט צו וועלט די פרייהייטס פאָן
אַ יום-טוב מאַכן פון דעם לאַנגן אין-דער-וואָכן!

אין נאָמען זיינעם וועלן חורבות ווערן גערַאמע שטעט
אויף אַש פון שונאים בליען וועלן פּאַרקן פון קולטור,
די פעלדער וועלן אָפּצאָלן מיט זעט
ווייל סטאַלין גלויבט אין מענטש און זיין נאַטור.

אויף וועלט רואינען
ווערט פון צייט אַ דיינקמאָל אים געשטעלט
ס'וועט לעבן זינגען וואו שטום די העלדן ליגן,
צו סטאַלינען דעם בירגער פון דער וועלט
די מאַמעס זינגען לויב ביי קינדער וויגן.

סטאַלין אינדזשיניר פון טיפער וועלט-נשמה
גלייכט אוים משפּחה'דיקן שליאַך צום גרויסן טאָג!
ס'האָט אונדזער שווערע צייט אַ פריידיקע נחמה —
יאָסעף סטאַלין, שכל'דיקער באַלאַנס אויף דער יושר-וואָג.

## דער גרינער טיש

אַ בוים אין וואַלד געמיטלעך האָט געגרינט,
נאָר וואָרצל זיינער אונטער ערד איז ניט געווען צופרידן,
ביז איינמאָל האָט ער זיך דעם גליק פאַרדינט
צו ווערן טיש פון לעצטן קריג און ערשטן פולן פרידן:

אַ האָלץ־העקער האָט בוים פון גאַנצן וואַלד דערוויילט,
אַ זעגער האָט מיט מי אים אָפּגעזעגן,
אַ זעגל־מיל אַרבעטער האָט שטאַם און ברעטער איינגעטיילט,
אַ סטאָליער האָט פון זיי אַ טיש געמאַכט פון פרידנס וועגן.

בויער האָבן גראַמע זאַלן אויפגעבויט,
באַדינער האָבן טיש מיט גרינעם טוך
ביים אויבן־אָן געשטעלט,
און פעלקער האָבן זייער גורל אָט דעם טיש פאַרטרויט . . .
נאָר מאָל נאָך מאָל האָט ער גענאַרט די וועלט.

נאָך יעדן קריג אַ ים מיט נויט און טרויער,
דער שונא האָט פאַרכאַפּט דעם אויבן־אָן
צו שפּרייטן זיינע פּלאָנטער־נעצן,
און העקער, דינער, זעגער, סטאָליער, בויער
זיינען צו מיד געווען
פאַר נייעם קאַמף זיך ביי דעם טיש צו זעצן.

פאַרשעמט, פאַרשמירט איז גרינער טיש געווען פאַר יאָרן,
ביז האָרעפּאַשניקעס האָבן זיך געכאַפּט,
אַז ער געהערט צו זיי,
איצט בריען זיי די שונאים אין זייער רייפן צאָרן,
איצט פירט זיי צו דעם טיש זייער פאַראייניקטע אַרמײ.

ס'האָט מאָסקווע אויסגעלייזט דעם גרינעם טיש פון שאַנד —
די פעלקער האָבן צוקונפט דאָרט געמאָסטן און געוואויגן,
ס'קלאַפּט האַרץ צו האַרץ, ס'זוכט האַנט אַ האַנט
און פריינטשאַפט פעדים וועבן איבער גרינעם טיש געצויגן.

פון מאָסקווע, וואַשינגטאָן ביז לאָנדאָן און טשונקינג
ס'פאַרשטייען זיך די פעלקער איצט אויף אַלע שפּראַכן . . .
פון כאַאָס האָט זיך אויסגעקלערט איין איינציקער באַדינג —
די פרייהייטס־קעמפער וועלן פרידנס־טיש באַוואַכן . . .

אין וואַלד אַן אַנדער בוים עס וואַקסט און גרינט,
פון אונטער ערד די וואָרצלען שמייכלען איצט צופרידן :
כאָטש איינער האָט פון זיי דעם גליק פאַרדינט
צו זיין די שוועל וואָס פירט
פון לעצטן קריג צום ערשטן, אמת'דיקן פרידן !

אָקטאָבער, 1943

# אינטערנאַציאָנאַל — 1944

„דאָס איז שוין דער לעצטער, אַנטשיידענער...״
אַזוי איז פֿאַרשריבן מיט בלוט און מיט לייבער,
אַזוי שרייען הערצער פֿון קינדער און ווייבער,
אַזוי קרעכצן חורבות באַם קראַך פֿון קאַנאָנען,
אַזוי זינגען ווינטן אין פֿלאַטער פֿון פֿאָנען,
אַזוי שרייט אַרוים פֿאַר זיין טויט פּאַרטיזאַן:
„אין נאָמען פֿון סטאַלין...קיין איינציקער שפּאַן...!״
אַזוי יובלען די זאַלפֿן אַ זיגער-סיגנאַל:
א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל!

„דאָס איז שוין דער לעצטער, אַנטשיידענער...״
אַזוי איז פֿאַר׳חתמ׳עט אין ליד פֿון די לידער,
אַזוי וויגט זיך פֿריידיקע בשורה אין גלידער
צום טאַקט פֿון געמאָסטענע, זיכערע טריט;
אַזוי שפּאַנען זיגער מיט סטיכישער גבורה
פֿון מזרח צו מערב, צו דרום צו צפֿון,
אַזוי קלינגט דער זודיקער שטאָל פֿון אַ ביקס וואָס איז אָפֿן,
אַזוי ווייען וויכערס,
אַזוי פֿאַלן שנייען—
זיי פֿאַלן און וועבן — זיי וועבן און נייען
געראַמע תכריכים — „אַ פּלאַץ אינעם לעבן״
פֿאַר פּילפּאַכן פּגר פֿון קאַניבאַל—

א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל!

# זי שטריקט

זי שטריקט פאַר די מוטיקע רויטע אַרמייער,
יעדעם „אויגל״ אַ בעכער פון זיפצן און טרערן,
אין פעדים פאַרוועבט זי אַ ברכה צושטייער —
פאַר איטלעכער דינסט־פאָן, פאַר איטלעכן שטערן.

ס׳איילן זיך שפּיזלען אַרויף און אַרונטער —
אַ סוועטער, אַ שאַל וועט באַלד גיין צו דעם פראָנט,
אַ שמייכל — אַ פאַרהאַנגל, ציכטיק און מונטער —
פאַרשטעלט טיפע בייִנקשאַפט נאָך עמיצן נאָענט.

זי שטריקט אוים איר חלק אין היטלערס מפּלה,
אַ שפּיזל אין וואָל — אַ שטאָך אין זיין ביין,
זי שיקט אים צום פראָנט איר מאַמעשע קללה —
דעם ביטערן סם פון פאַרשטיקטן געוויין.

עס לויפן די פינגער, די ליפּן שטיל בענטשן —
די קעמפער אין פייער פון צאָרן און שטאָל,
זי שיקט זיי איר חלק אין זיג פונעם מענטשן —
איר האַרץ־פּיין — פאַרוועבט אין וואַרעמער שאַל.

# אַ וואָכעדיקער מאָנטיק איז אַ יובל־טאָג געוואָרן

(מאָנטיק, דעם 6טן דעצעמבער, 1943)

„די גרויסע דריי" האָבן אַ וואָכעדיקן מאָנטיק
צו אַ יובל־טאָג דערהויבן
מיט זייערע דימענט־שאַרפע, קלאָרע, פולע רייד,
און ס'האָבן ראַדיאָס —
פאַנטאַנען וואַרעמע פון האָפענונג און גלויבן —
אין מיטן טאָג
געבראַכט דעם אורטייל איבער שונא: „טויט".

הונדערט שעה פון גרעסטן שכל־שפּיל האָט זיי גענומען
צו גרייכן אַלע גלייך צום ליכטיקן, אייניקן וועג:
„מיר זיינען דאָ מיט האָפענונג און אַנטשלאָסנקייט געקומען
און פאַרלאָזן פריינט אין פאַקט, אין גייסט, אין צוועק."

איין שטאַרקער אַטלאַס האָט אַמאָל די וועלט אַרומגעטראָגן —
אַצינד וועלן פעלקער זי אויף אייגענע פּלייצעס נעמען . . .
אָט־די, וואָס האָבן ווי די פּי געשלעפּט אַ פרעמדן וואָגן
וועלן זי מיט זייער כח, זייער שכל ניט פאַרשעמען!

מאָסקווע, קאַירע, טעהעראַן — דריי ווינקלשטיינער פון נייער
וועלט־סטרוקטור —
דעם פערטן וועט דער זיג פאַרלייגן אין טאָקיאָ, אין בערלין,
ס'וועט פרייעס בלוט פאַרמעקן יעדן ווייסטן נאַצי־שפּור
און אויסצאָלן פאַרדינטן שכר די טרעגער פון בעסטיאַלישן
וואַנזין . . .

ס'האָט מאָסקווע רוי־שטאָף פאַר דעם ניי־געבוי
געשאַצט מיט מאָס פון מוט,
און אויפן שאַך־ברעט יעדן צוג געמאָסטן מיט געדולד,
און שונא'ס פאָלק וועט מוזן אָפּוואַשן זיין שאַנד
מיט אייגן בלוט,
כדי צו מינערן זיין חלק שטראָף אין שוידערלעכער שולד!

קאַירא — קברים פון פאַרצייטנ'ס שקלאַפעריי
און פרעה'ס גזרות,
קלוגע ספינקסן חשבונ'ען
די פוסטריט פון געשיכטע איבער פיראַמידן —
זי האָט „די ווייסע ציוויליזאַציע"
פאַרווייט מיט זאַמד פון דורות
און מערב מיט'ן מזרח פאַרשטאַרקט
אין בונד פון קריג און פרידן.

טעהעראַן — דער טרעף־און־שייד פונקט
צווישן וועלט־באַגריפן
איז גרוים געוואָרן
דורך די גרעסטע, קליגסטע דריי פון אונזער דור —
באַשיצט פון דעם עלברוז און מעכטיקע איראַנער קליפּן,
זיי האָבן ווי אַ טעפּיך פערסישן
דעם וועלט־גורל פאַרוועבט אין איין אוזאָר.

אין מערב, מזרח, דרום — אין לופט, אויף ים, אויף לאַנד
וועט טויט דעם שונא זוכן און געפינען
ווי יריחו פאַלן וועט מיט קראַך „פעסטונג אייראָפּע'ס" וואַנט
און פעלקער־קעמפער וועלן פרייהייט זייערע
מיט בלוט פאַרדינען

רוזוועלט, סטאַלין, טשוירטשיל —
אַ ראַנדעוואו מיט זיג אין נאַצישן בערלין!
און ס׳איז קיין צווייפל מער ביי קיינעם ניט געבליבן,
מיט טויט־שטעמפּל פאַר׳חתמ׳עט האָבן זיי
דעם „ווי", דעם „ווען" און דעם „וואוהין"
און וואָכעדיקן מאָנטיק אין פּנקס פונ׳ם קאַמף
אַלם יום־טוב טאָג פאַרשריבן.

# דיין געבורטסטאָג

(26 יאָר סאָוועטן־פאַרבאַנד)

מיט טאָג פון דיין געבורט וועט פרייען זיך אַ וועלט,
דיין מוט וועט מען באַזינגען און דיין נאָמען לויבן,
ווייל דו האָסט נייע מאָס און וואָג פאַר ווערטן איינגעשטעלט,
דו האָסט דעם מענטשן פשוט׳ן צום העכסטן ראַנג דערהויבן.

מיט יעדן יאָר עס מערט, עס גרעסערט זיך דיין וואונדער...
אַן אומבאַגרייפלעך־לעגענדאַרער ריז
וואַקסט פאַר די אויגן —
פון וואָסער שטאָף האָסטו געפורעמט דיינע קינדער,
וואָס קיין שום כח קען ניט ברעכן זיי, ניט בויגן?!

אַ שרעק פאַלט אָן אויף די
וואָס ווילן נייע צייט אַריינשפאַנען אין אַלטן וואָגן,
דו ברעכסט די קליגסטע, עלטסטע כללים פונ׳ם קריג...
דו וואָלסט געדאַרפט שוין זיין אַ טויזנט מאָל געשלאָגן —
מאַשירסטו גאָר פאָראויס אויף גראַדן וועג צום זיג!

מיט אוצרות טייערע פון נייעם אָנהויב גרייט,
דו פירסט דיין נח׳ס תבה פאַר דער וועלט...
דורך מבול בלוט, דורך כוואַליעס פלאַם און טויט,
האָסט דעם קיום זייערן
מיט לייב פון פאָלק דיינעם פאַרשטעלט.

# איינ יקייט

קעגן שונא פון היינט
ווערן נעכטיקע שונאים פאַרגעסן,
קעגן ווילדקייט פון היינט
ווערן רדיפות פון דורות פאַרבלאַסט,
געווען אַזאַ צייט ווען מענטש האָט אַ מענטשן געגעסן,
נאָר קיינמאָל האָט מענטש
אַזוי גרינטלעך און טיף ניט געהאַסט.

ווייל מען ליבט אַזוי טעג פונ׳ם לעבן
מוז מען ליבסטע איצט שטעלן אין קאָן,
און מיט בלוטיקע פעדים פאַרוועבן
ברודער־ליבשאַפט אויף אַלעמענס פאָן . . .
ווייל ס׳איז וועג צו דעם אמת אַ גראַדער
מוז מען ווילדקייט אויסברענען מיט קריג,
און ווי פרוכט רייפט אַרוים פון דעם יאָדער
אַזוי רייפט אינ׳ם האָס אונדזער זיג.

# מאַמע

מאַמע! פון זעלבן טייג איז יעדערע געקנאָטן,
איר האַרץ אַ סיזמאָגראַף פאַר גורל פון איר קינד,
נשמה — ים, וואו בענקשאַפט צופּט די ברעגן,
ווי פלום און אָפּפלום כוואַליעס אין אַ שטורם-ווינט.

זי איז ביז פלאַצן אָנגעצויגן — ווי אַ גרייטע סטרונע,
ווי פוסטקייט פון דער פידל פיבערט זי מיט שטומע קלאַנגען,
טרייסט, ווי זון אין בין-השמשות,
זי זוכט אין איטלעכער שפּאַרונע,
ווייל טיר און פענצטער
זיינען דיק מיט נעפּלען פינצטערע פאַרהאַנגען.

ערגעץ-וואו אַ סליאַד פון קריגס-רואינען,
ערגעץ-וואו איר אוצר אינדערמיטן,
ערגעץ-וואו ווערט זון געבוירן, ס׳שאַריעט דער באַגינען —
שטייען דאָרטן מאַמעס ליבסטע און זיי היטן!

ס׳וועט מאַמע׳ס פוסטקייט באַלד זיך אָנפילן ווי זיסע פידל
מיט טאַנצנדיקן, שפּרודלדיקן גליק;
איבער דעם שונא הויבט זיך שוין דער לעצטער רידל
און צו לויה פריילעכער מען גרייט זיך מיט מוזיק.

ס׳איז מאַמע פון דעם פיינסטן שטאָף געפורעמט,
איר האַרץ, אַ פאָן, וואָס וואַרט אויף בשורות ווי אויף ווינט,
פאַרגעסן וועט זי שנעל אַז ס׳האָט געשטורעמט,
ווען דורך די נעפּלען וועט זי זון דערזען —
איר אומבאַשעדיקט קינד.

# מיין זון

(מיין וויקטאָר אין היטלער־לאַנד)

זון מיין, ווען דיין האַרץ וועט גאַרן
נאָך אַ גוט־וואָרט, נאָך אַ שמייכל,
היט זיך, לאָז זיך ניט פאַרנאַרן —
פרעג אָן דיין שכל:

פאַלש איז שמייכל אויפן פּנים,
ברודער־מאָרד אין „אריער״ אויגן,
אונטער הויט טריפט סם פון שונאים,
ליפּן האָבן בלוט געזויגן!

און ווען יונגעם לייב דיך מאָנען
פון דעם לעבן צו געניסן,
זאָלסט זיך טרעבלינקע דערמאָנען
און דיין האַרץ און אויג פאַרשליסן:

מיט צאַרטן קינדער־בלוט באַשמוצט
איז יעדער אבר, יעדער קלייד;
מיט גוטע אידן — זייף געפּוצט,
די נאַצי־חיה שמעקט מיט טויט.

זון מיין, טראַכט, דו נעמסט נקמה
פאַר זינד וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן —
היט אָפּ דיין לייב, דיין איידעלע נשמה —
פון ווילדע חיות מוז מען וו‏ייכן:

איבער דעם נאַצי־לאַנד — געשפּענסטער —
דורות ביז צום אַש פאַרברענט,
פון יעדער שפּאַרע, יעדן פענצטער
זיי וואָרנען, טייטלען מיט טויטע הענט.

# גערעכטיקייט

אין מיטן פעלד, אין מיטן שלאַכט
איז די גערעכטיקייט
מיט אויגן אָפענע געקומען
און וואָג־שאָל פינקטלעכע מיט זיך געבראַכט:
זי וועט איצט וועגן, איבערוועגן,
מעסטן — איבערמעסטן,
שאַצן — איבערשאַצן
נייע וואָג־שטיקער וועט זי זיך נעמען—
דעם העלד אָן נאָמען
דעם קדוש פון דער געטאָ,
דעם ווייסן אַש פון ברוינע קרעמאַטאָריעס,
דאָס ניי־געבאָרן קינד פון אַ געשענדעטער מאַמען,
דעם קריגער פון דעם אונטערגרונט,
וואָס האָט ווי דער באַרימטער דאָרן
געברענט און ניט פאַרברענט געוואָרן
אין פלאַמען פון דעם שונא׳ס אונטערגאַנג.

מארטש, 1945

# אַלע וועגן צו בערלין

אַלע וועגן צו בערלין,
אַלע וועגן צו דעם סוף —
פּלאָנטערט זיך די נאַצי־שפּין
אין נעץ פון איר פאַרברעכן־שטראָף.

לופט און ווענט פון היטלער־שטעט,
יעדער שטיין און שטויב אין גאַס,
ברעכט אַרויס געראויבטע זעט,
פיבערט גוסס׳דיק מיט האַס . . .

אויף די וועגן פון בערלין,
מזרח פלאַם גריסט מערב בראַנד . . .
זינקט אין אייגן בלוט די שפּין,
ווערגט זיך אין איר אייגן שאַנד.

„אויבער־מענטש" מיט קינד און קייט
רעוועט אויס זיין שוואַנען־ליד —
פון אַלע זייטן — טויט פאַר טויט —
פון יעדער ביקס־רער פרוכט פון זינד.

אַ מצבה — שטאָל און בליי
שמידן אויס איצט העלדן־הענט
פון דעם רהיין ביז בלוי־דונאַי
קראַכן פריילעך נאַצי־ווענט.

אַלע וועגן צו בערלין,
אַלע וועגן צו דעם סוף —
מיט פרילינג קומט דער יום הדין,
מיט פולער האַנט עס קומט די שטראָף!

אפריל, דעם 12טן, 1945

# שלום עליכם — עליכם שלום!

שלום עליכם — עליכם שלום!
אַ ליכטיקע וואָר — איז לאַנג־יאָריקער חלום!
עס לויפן אַנטקעגן מיט אָרעמס צעשפּרייטע —
יענקישע קעמפּער און העלדישע רויטע,
עס שפּיגלען זיך אויגן, עס האַלדזן זיך הענט
ביי לעצטע רואינען פון נאַצישע ווענט . . .
שאַמפּאַניער אין בעכער,
ס׳קלינגט העכער און העכער
דער זיגרייכער הימן פון פּאַראייניקטער מאַכט!

דער סערפּ און דער האַמער גריסט שטערן און פּאַסן —
זיי טאַנצן אַ קאַראַהאָד ביידע אין ווינט,
דער עכאָ פון פרייד איבער שליאַכן און גאַסן
זאָגט אָן האַרבע שטראָף פאַר די חיה׳שע זינד,
פרעמד די לשונות — נאָענט די געמיטער,
קלאָר די רעיונות פון פעלקער־היטער
ביים גאָלדענעם טויער
פון גאָלדענעם מאָרגן.

„סדראַווסטוואוי טאָוואַרישטש" און „האַו־דו־יו־דו"
ליבשאַפט פון ברידער צעשיידטע גאָר לאַנג,
ס׳טרוימען שוין קריגער פון פרידן און רו
פון היים און פון ווייב און פון קינדער־געזאַנג.
אַ וואונק און אַ צייכן, אַ פונק און אַ פרייד —
וואָס קענען איצט אויפטאָן באַגרעניצטע רייד?!
שאַמפּאַניער צעוואַרעמט . . .
און העלדן געאַרעמט
וועגן און מעסטן דעם גרויסן געווינס
און זעען שוין פעלדער מיט זריעה און גרינס.

# אַטאָם־צייט — ניי־צייט

זינט מענטש האָט דעם כישוף פון אַטאָם דערפונען,
זיינען נענטער געוואָרן די שטערן און זונען
און קירצער דער מהלך פון חלום און וואָר . . .
וואונדער אין וואונדער
און שרעקן אין שרעק —
צווילינג סיאַמער — גן עדן און גיהנם . . .
זיין און ניט זיין — צוזאַמען ווי ברידער.

אין טראָפּן פון טויען — גבורה פון ים׳ען,
צאָרן פון וויכערס,
דרוק פון אַוואַלאַנשן !
אין שפּליטער — דער אימפּעט פון פלאַמיקע פערד,
וואָס קענען אַ הויב טאָן און זינקען די ערד —
פריידן פון הימלען
און קללות פון תוכחה אין גרעזלעך, אין נישטיקע שטויבן !

אומרו און גלויבן . . .
ס׳ווערט אַטאָם־צייט, ניי־צייט געבאָרן !
אַ קינדערשער פּרעפּל די חכמות פון יאָרן,
דער טייוולשער שוואונג פון פאַרנאַצישטן מח,
די ווערטן, די וואָגן, די מאָסן :
געפּענטעטע געטער דערלייזטע פון צאמען
וועלן אויספּישן גאָלד און בורשטין פון די ים׳ען,
צאַפּן פון לופטן געיורענעם וויין
און מאַכן פון קעלערן קוואַלן פון שיין !
זיי וועלן טיפן דערהויבן

און נידערן הויכן,
זיי נענטערן ווייטן
און ווייטערן צייטן פון ביטערן גרויל אויף דער ערד ?!

זינט שכל האָט כּח פון כּחות געשפּאַנט
און מינדעסטן זעמדל צום יחוס דערהויבן,
איז זיכער געוואָרן דעם מענטשנס האַנט
און טיפער זיין אייגענער גלויבן.
חושך פון גיהנם,
ליכט פון גן-עדן —
דער מענטש קען מיט שאַרף פון געדאַנק זיי צעשיידן,
פאַרמעקן דעם חושך מיט בעזימער שטראַלן,
מיט בראַנד פון אַ שטערן אין „מילך-וועג",
מיט קערנדל הייסן מעטאַל.

מענטש איז איצט גאָט — ער קען שטערן און שאַפן,
אין שלאַכץ פון אַטאָם — געהאַרכזאַמע שקלאַפן . . .
דער מענטש קען זיין זיגער אָן קריג און אָן שלאַכט —
אין שליסל צום אָנהויב פון אָנהויב — זיין מאַכט!
ער וועט באַפעלן . . .
און טעג איינגעטונקטע אין יונגן פרימאָרגן,
וועלן איינשפּאַנען זונען אין גאָלדענעם וואָגן
און קלאַפּן אין טירן,
און וואַרטן אויף שוועלן
פון הייזער ווילגאָטנע,
פון קעלערס פאַרשפּאַרטע
מיט שכר פאַר געוואַרטע —
מיט שפע פאַר מאַנגל און נויט פון יאָרן,

מיט שמייכלען און פריידן אין אויגן
ווי נאָך - שטורעמדיקער רעגנבויגן!

— — — — — — —

זינט מענטש האָט דעם כישוף פון אַטאָם דערפונען,
זיינען נענטער געוואָרן די שטערן און זונען
און קירצער דער מהלך פון חלום צו וואָר —
אין בלוטיקן הייבל איז נײַ-צייט געקומען
דער מענטש האָט זיין כיסא הכבוד פאַרנומען!

# V-E

אַ פרייד געכאַוועט אין מיין האַרץ
פאַר טאָג פון זיג,
און איצט, אין לעצטער שעה,
איז פרייד ניטאָ . . .
אין אויגן טרערן טרוקענע
אין האַלדז אַ קנויל —
עס טונקט זיך פרייד
אין וואָלקנס צווייפל
ווי זון אין זומער־רעגן,
און ס׳ישוב׳ן זיך הענט פאַרבראָכענע אויף קני . . .
אויף ווייטע פעלדער פריש־געשניטענע בלומען —
קינדער — שטערן גאָלדענע אויף פאָנען אין די פענסטער,
קינדער — אויסגעלייגט ווי נאָך אַ שטורעם זאַנגען
ווילן ניט קיין זיג־געזאַנגען אויפן האַלבן וועג . . .
וואַרט מיין פרייד אין מיר —
אַן האַלב־פאַרשטיקטעס עופה׳לע
וואָס פלאָנטערט זיך אין מאַמעס נאָפּל־שנור —
זי וויל ניט קומען
זי שרעקט זיך קומען פאַר דער צייט.

מאי, 1945

# זיי קומען

זיי קומען מיט פאָנען פון יושר
אין שלאַכטן צעריסן!
מיט לוחות פון רעכט
אויסגעברענט אויף פאַרסמאַליעטער ערד —
ווי פייער זייל האָט זיי
געפירט וועלטס געוויסן,
דעם גיפטיקן ווילדקרויט
פאַרשניידן מיט זיגרייכער שווערד.

זיי קומען צוריק מיט אַ בייגקשאַפט
נאָך היימישן צויבער,
מיט תורה פון מענטש
אין פייער פון שלאַכטן געשמידט —
בלוט איז געווען זייער בונד
קעגן קוילער פון קינדער און רויבער —
ס׳האָט ברודער אַ ברודער
מיט טריישאַפט פון אומקום פאַרהיט.

זיי קומען . . . צעשאָסענער ברוך
און געהאַמערטער שטאָל,
געשווינטע פאַר לעבן
פון טויטס ראַנדעוואו . . .
זיי קומען, די מוטיקע טרעגער
פון ביטערסטן עול
צו טוישן הבטחות
אויף זאַטקייט און רו.

מיט גלויביקן צוטרוי,
באַטרעטן זיי היימישע ברעגן
אין פוקס-לעכער ברודנע
זיי האָבן געטרוימט פון דער פרייד —
זיי קומען געניטע
געפּאַר זיך אַנטקעגנצושטעלן
און פאַלשקייט דערקענען
אין פריינטלעכסטער אומשולד פאַרקליידט.

# מיין פאָלק

דורך מדבר האָט מיין פאָלק די לוחות דורכגעטראָגן
פון בלינדער עבודה-זרה צו גרויסן וועלט-באַנעם,
פון אוטאָ-דאַ-פע ביז היטלער׳ס טויטן-וואָגן, —
מיין פאָלק איז ווי געפּרעסטער שטאָל אַרויס פון יעדן קלעם.

מיין פאָלק-קולטור,
ברילִיאַנטן-שטויב בעזייט פון בייזע ווינטן —
ס׳האָט יעדעם פאָלק און לאַנד געגאָסן פון איר גלאַנץ —
איר וועג, אַריינגעפלאָנטערט אין די שוואַרצסטע לאַבירינטן,
פירט זי אַלעמאָל אַרויס אויף שליאַך אין פולן גלאַנץ.

ווי זיך אַליין האָב ליב דיין פריינט — ניט מער . . .
און מענטש מיט מענטש וועט זיין ווי קינדער פון איין מאַמען,
און שלאָגט דיך ווער, דערלאַנג זיך שנעל אַ קער
און פאַל, אויב נויטיק, מיט דיין פיינט צוזאַמען!

מיין פאָלק טראָגט יאָרן טויזנטער
צום מענטש די שענסטע פליכטן,
איצט שטייט עס גרייט
צום „זויער פּרואוו" פון אַנגריף פרעכן —
דאָס פייער שטאַרקט דעם שטאָף,
וואָס לאָזט זיך ניט פאַרניכטן,
דאָס שלאָגן בינדט צונויף, וואָס ס׳לאָזט זיך ניט צעברעכן...

ניט אַלעמאָל איז זיין געווער געווען פון אייזן —
פון שאַרפן אמת האָט עס פייל און שפּיז פאַר זיך געזועגט,

און ווי אַ שטיין אין וואַסער לאָזט איבער כוואַליע־קרייזן,
אַזוי האָט עס געלאָזט אַ שפּור פון אמת אויף זיין וועג.

מיין פאָלק — די ציל־ברעט אין די פאָדערשטע טראַנשייען —
עס דינט אַצינד דער וועלט אונטער די בונטסטע פאָנען,
אין דעם מונדיר פון די פאַראייניקטע, פאַרברידערטע אַרמייען
וועט ס׳אידיש פאָלק,
צוגלייך מיט אַנדערע פעלקער, אָן זיך דערמאָנען.

# צו יונגע טעג

נעם אַרויס אַלע נעכטנס פון ווינקלען און שפּאַלטן
און צעלייג זיי ווי שטיגן צו יינגערע טעג —
זאָלן ווינטן פאַרעלטערטן שפּינוועב צערייסן
און שטויבן פאַרבלאָזן פון אַרויפ׳יקן וועג.

נעם אַרויס אונדזער היינט און פאַרקוק אין זיין פּנים —
אַ בראַנד־וואונד עם יאַטערט אונטער דינינקע הויט,
זיין גוף מיט אכזריות געשטעמפּלט פון שונאים,
צעווייקט ליגט אין בלוט און אין נאַצישן קויט.

נעם, פון הערצער און האָפענונג, די טויטלעכע קלעמען,
פון יתום זיין בייַנקשאַפט, דעם ווי פון אלמנות,
נעם פון כלות פאַרבליבענע ציטער פון ברעמען
צו פרידלעכע דורות — אָנדיינק מתנות.

נעם צונויף פון די טאַטעס און מאַמעס די טרערן
און מיט ביטערער קלאָרקייט וואַש אָפּ אונדזער וועג,
הויב זיך איבער קעפּ ווי אַ פירענדן שטערן
און צעלייג איבער חורבות פון היינט יונגע טעג!

# י. ל. פרץ

(צו זיין 30־יאָריקן יאָרצייט)

דורות, ווי שיכטן פון באדן
מיט אוצרות פון צייטן געלאָדן,
טראָגן דעם רוי־שטאָף פון נעכטן
פאַר גראָז־וואָרצלען יונגע — פון היינט . . .
ס׳ווערט דימענט אין חושך פון מינען געגראָבן —
דער היינט ווערט אין נעפל פון עבר געקלערט.

פון טויט שאַפן לעבן,
פון פוילענעש בליטן,
פון אומקום אַ לייטער צו זוניקער ערד
איז דעם קינסטלער פון קינסטלער באַשערט:
ער איז דימענט־גרעבער,
ליכט־צינדער,
שטעגן־טרעטער און בריקן־לייגער
פון שיכט צו שיכט,
פון דור צו דור.

דורות, ווי כוואַליעס פון רוישיקע ימ׳ען,
דורות, ווי רינגען אין אוראַלטע שטאַמען,
ווי קוואַלן, באַהאַלטן אין פאַלדן פון באָדן
מיט צויבער און סודות פון פאָלק איבערלאָדן,
קלייבן אָפּ חכמה און חנ׳ען פון יאָרן
און ס׳ווערט אינ׳ם פאָלק אַזאַ געני געבאָרן:

אַ זעער
אַ נביא מיט פליגל, מיט פייער
אַ קינסטלער־אַנטדעקער,
אַ קינסטלער־באַנייער
אין קרייז־לויף פון אייביקן גאַנג
וואו סוף איז אַן אָנהויב
און אָנהויב אַ סוף.

# אונדזער בראָך

איך האָב שוין לאַנג קיין שורה ניט געשריבן —
ווייל יעדער טאָג איז ווי אַ שוואָם
פאַרפולט מיט אונזער בראָך:
נאָך־שטורעם רעשטלעך פון מיין פאָלק ווערן צונויפגעקליבן
פון באַרג מיט מענטשן־אַש,
פון וואַלד־געדיכטעניש,
פון קעלער־לאָך . . .

ווי נאָך אַ שניט אין פעלד
פאַרבליבן זיינען דאָ און דאָרטן קערנער־לעבן —
וועט אפשר פרייע זון און ערד פאַרוואָרלאָזטע
איצט וואַרעמען און נערן —
מיין פאָלק, וואָס האָט דער מענטשהייט
זין פון אויסדויער און איינציקייט געגעבן,
וועט נייע שפּראָצן אויפציען
מיט טריפענדיקן בלוט, מיט ניט־געוויינטע טרערן.

לובלינער שמעלץ־אויוון, די גאַז־קאַמער,
מאַידאַנעק מאָרד־פאַבריק,
ס׳פאַרבלוטיקט שטיקל באָרד, ס׳צעלעכערט קינדער־קליידל,
זאָל ווי אַ גרויל־דענקמאָל, אַ וואַרנונג־זייל צעשטעלט ווערן
פאַר וויכהאַרציקן נאַר,
וואָס וויל מיט מענטשן־טייוול האַנדלען איידל!

זאָל שולדיקער אין טאַט, אין שווייגן,

דעם בראַנד פון סוואַסטיקע אויף שטערן טראָגן,
און זיין געוויסן,
ווי אַ שאָטן, זאָל אים נאָכגיין טריט נאָך טריט,
זאָל קינד זיינס טויזנט טויטן זען ביים שלאָפן גיין,
ביים אויפשטיין אין פאַרטאָגן
און זען ביי יעדן קער, געשפּענסט פון אומגעבראַכטן,
אייביק-לעבעדיקן א י ד.

געהייליקט זיינען מיר
אין בלוט פון טויזנטער מאַרטירער יאָרן,
נאָר קיינמאָל האָט דער אומקום
ניט דערגרייכט ביז סאַמע האַרץ . . .
מיין אייגן לעבנס-שפּאַן האָט שוין געזען
פּאָגראָמען, קריג און ברידער-קבֿרים,
נאָר ס'האָט קיין שונא ניט געמאַכט דעם אידן-גורל אַזוי
שוואַרץ.

מיין וויסטע שטעטל קרינקי,
ביאַליסטאָק, די שטאָט פון מיינע יוגנט-טרוימען,
ווי קען איך איצט פאַרגעסן
אייער קרבן פאַר מיין קומענדיקן טאָג ?
אַט טורעמט שוין דער זיג
אויף פּלייצעס טויטע פון געפאַלענע בוימער
און קעגן שאַרף פון בראַך
איז אַזוי טעמפּ מיין פען און טראָגט קיין וואָג !

ווי קען איך זיך מיין זיכערקייט פאַרגינען,
אַז ס'נאָגט מיין אידישקייט אין מיר ווי אַ פאַרקלעמטער אבר;

ווי קען איך אויסקויפןביים ברוך פון וועלט׳ס באַגינען
דעם חוב, וואָס כ׳קום געראַטעוועטע פון דעם ברודער־קבר?

נעם איך אין מיין שוואַכער האַנט
מיין אויסגעפּרוּאוווט כלי זיין —
אַ טראָפּן דליבעט שטיין —
ס׳וועט גרייכן וואו ניט איז מיין צאָרן־וואָרט;
אין שטורעם ברומען ווינטלעך,
בלעטלעך ווי די חיות שרייען —
און אונזער בראָך פון בראָכן האָט קיינעם ניט געשפּאָרט...

און איך גיב — איך וועל ניט אויפהערן צו געבן —
ביז כ׳וועל ניט שעמען זיך אַריינקוקן
דער צוקונפט אין׳ם פּנים —
גיב איך אַלץ — ביז אָטעם פון מיין לעבן,
ביז זין, וואָס טראָגן טויט אין האַנט אַנטקעגן שונאים.

זאָל „דייטש" און „מאָרד"
דאָס זעלבע מיינען ביי דעם טיש פון שלום,
זאָל שטראָף־חלף פון וועלט׳ס געביין
אַראָפּשאָבן דעם ברוינעם טראָט,
זאָל אויג ניט אויפהערן צו זען אין וואָר און חלום —
גערעכטן שכר פאַר שונא׳ס אומהיילבאַרן באַנקראָט.

# ביראָ־בידזשאַן

אַ זוניק פינטעלע אין ווייסטער אידן וואָר,
אין ים פון בלוט און וויי — אַן אינזל פרידן —
אַן אויסגעפּרואווטער פּיאָנערן דור
האָט אין דער טייגעס שוים
פאַרפלאַנצט אַ לאַנד פאַר אידן.

אויף מאַפּע, צווישן לענדער,
אַ קליינער קערן מאָן —
אַ קוויט באַשיידענער אויף פרייע, רויטע פעלדער,
ס'איז זיכער אונטער סערפּ־און־האַמער פאָן
און היימיש ענטפערן די עכאָס אין די וועלדער.

ס'איז קראַפט אין אַרבעטער
און זאַפט אין וואָרט פון אידישע פּאָעטן,
ווייל טיף פאַרהאַנקערט זיינען וואָרצלען אין דער ערד,
און יעדן שפּאַן וואָס זיי באַטרעטן
איז לוין פון מי — ניט רויב פון שווערד!

צווישן רויטע אָדלערס שטראַלט אַ פּאַסטוכס פּנים —
ער האָט זיין לאַנד געשיינקט
זיין אָרדן "רויטע פאָן" —
פאַר טויט פון אַ ווערגעלעס ער צאָלט די שונאים,
פאַר פאָלק פאַרשעמטן, דאָס לאַנד שטעלט אָלץ אין קאָן.

דער איד האָט שוין באַזיגט די ווילדע שענדער,
אַ זיכערע אידן־היים האָט זיי געמאַכט צום נאַר,
ביראָ־בידזשאַן, אַ פּינטל ליכט אויף מאַפּע צווישן לענדער
אַ פאָרשפּיל פריידיקער אויף הינטערגרונט פון גרויסן צער.

# כ׳וואָלט געוואָלט זיין מיט אייך

צו בירא־ביזשאַנער

כ׳וואָלט געוואָלט זיין מיט אייך
אויף אַ בתולה׳ישן פעלד,
מיין קאָפּ מיט אַ טיכל פאַרבונדן,
כ׳וואָלט געוואָלט זיך צעטאַנצן
מיט באָרוועסע פיס,
איבער טויען פון זון אָנגעצונדן.

כ׳וואָלט געוואָלט מיט אַ רידל
אַ פרואוו טאָן די ערד,
מיט קערנער פון ווייצן זי פאָרן
און מיט אומגעדולד וואַרטן חדשים און טעג
אויפן שניט פון מיין אייגענעם קאָרן.

כ׳וואָלט געוואָלט ביי אַ טישל
אין ציכטיקער שטוב,
אַלטן שטייגער אין פריידן דערמאָנען,
און מיט אידישע קינדער, ווי פויגעלעך פריי
זינגען שירה אויף בליהענדע לאָנען.

# מיין באַרנע בוימעלע

מיין טאַטע האָט אַ בוים פאַרפלאַנצט ביי מיין געבוירן —
אַ באַרנע בוימעלע — אַ ריטעלע, אַ גרינס,
פרילינג צייט האָט ער דאָס בוימעלע געווייסט, אַרומגעשוירן
און עס געהיט ווי ס׳טייערסטע געווינס.

געוואקסן בין איך מיט מיין בוימעלע צוזאַמען
און טאַטע האָט די יאָרן אונדזערע געציילט מיט פרייד,
אונטער זיין שאָטן פלעגט ער זיצן מיט דער מאַמען
און רייפע באַרעלעך פאַר דער בת-יחידה אויסגעשיילט.

ווען מיין שטעטל קריניק איז אַוועק אין פלאַמען
און היימלאָז זיינען מיר פאַרבליבן, אָן אַ דאַך
איז איבער חורבות איבער אָפּגעסמאַליעטע צאַמען,
מיין גרינעם בוימעלע געשטאַנען אויף דער וואַך.

מיין בוימעלע געוואוסט האָט מיינע סודות —
כ׳האָב זיין וואָרצל אָפּט מיט טרערן קינדערשע באַגאָסן,
ער איז געווען מיין טרייער, שטומער עדות
ווען כ׳האָב מיין ערשטן קוש פון שכנ׳ס אינגעלע גענאָסן.

פון פרעמדע כ׳פלעג זיך אויף בוימעלע פרעגן
געהאָפט אַמאָל נאָך זיצן אין זיין גרינעם שאָטן
האָט מבול בלוט פאַרשווינקט די היימישע וועגן,
און בוים, און היים, און ליבסטע אויסגעראָטן.

מיין טאַטע האָט פאַר מיר פאַרפלאַנצט אַ פריינט אַ ליבן,
איך זאָל מיט אים צוזאַמען בלויע טרוימען וועבן . . .
איז אפשר עמיצער פון מייניקע נאָך דאָרט פאַרבליבן
וועט אפשר שפּראָצל פון מיין בוימעלע נאָך ערגעץ לעבן ? !

# יצחק׳ל, מיין חבר׳ל...

(אַ מתנה י. ב.)

יצחק׳ל, מיין חבר׳ל! יצחק׳ל, מיין פריינט!
זע נאָר, זע, ווי זון האָט זיך אַ פריידיקע צעשייט.
דאָס נעמט זי אויף דעם פרילינג, קינד —
זיין אָנהויב אויף דער וועלט —
פאַר אים האָט זי באַם פריסטן ווינט
אַ יום־טוב ליד באַשטעלט!

יצחק׳ל, מיין חבר׳ל! יצחק׳ל, הער צו:
די זון האָט זיך צעשיינט אַצינד, פאַר אינגעלעך ווי דו.
דו ביסט אַליין אַ פרילינג, קינד,
אַ שפּראָץ צעגרינט אויף אַ צעהאַקטן שטאָם;
פאַר דיר זינגט איצטער יעדער ווינט
פון פרייד באַשטענדיקער, ווי הימל, ערד און ים!

יצחק׳ל, מיין חבר׳ל, זע, וואַקס גיכער אויף,
באַנעם ווי שיין דער אָנהויב איז אויף שוועל פון שוואַרצן סוף!
ווי אַ צווייגל זאַפּ איין זון, די קראַפט פון פרייען ווינט,
יורש רייכער פון מאַרטירערישע דורות,
ווי אַ דעמבל וואָרצל זיך אין פאָלק אַריין, ליב קינד,
און זאַמל זיסע פריידיקייט פאַר דיינע פירות.

# אויף אַ פעלד צעאַקערטן

אויף אַ פעלד צעאַקערטן
וואַקסן שיינע בלומען —
בין איך מיט מיין אַקער־פען
גראָבן דאָ געקומען.

מיט ליבשאַפט האָב איך ערד צעווייכט
צעשטרויט די זריעה — ווערטער
און כ'האָב די גראָז־וואָרצלען דערגרייכט
און זיי גערירט פון ערטער.

זיי האָבן זיך באַהעפט מיט פרייד —
מיין וואָרט איז איינגעזונקען —
און זיך צוריקגעקערט באַנייט,
מיט פרישקייט אָנגעטרונקען.

איך האָב צום פעלד זיך צוגענויגט
ווי צו אַ בעכער וויין,
און זיך מיט אימפעט אָנגעזויגט,
מיט שעפערישן זיין.

מיין מי באַלוינט: אַ גוטער שניט!
מיין אַקער־פען אין שייד,
אויף פעלד צעגרינטן וואַקסט אַ ליד
פון חברישער פרייד.

# מאַמע

(מוטער־טאָג, 1943)

דער אַנהויב פון דעם אַנהויב פון אַ וועלט
גייט אויף אין וואַרימער באַהעלטעניש פון מאַמע־לייב;
מאַמע־בלוט פאַר׳חתמ׳עט אין אָדערן פון קינדער,
ווי וויין אין לאָגלען,
יערט, רייפט, קלערט —
ס׳ווערט אַ דור,
ס׳ווערן דורות,
פאַרמערנדיק דעם כשוף און דעם וואונדער פון אַ מאַמען!

ווער האָט „עמפּייר סטעיט" דערנענטערט צו די שטערן?
ווער האָט בריקן איבער וואַסערן פאַרצויגן?
ווער האָט אויסגעפאָרשט דעם סוד פון קלענסטן קערן
און מעכטיקע נאַטור פאַר זיך אויף קני געבויגן?
איר פלייש, איר ביין, איר בלוט — איר קינד!

וועמעס פליגלען האָבן רוים פאַרנומען?
ווער האָט כוואַליעס לופט געשפּאַנט ווי טרייע פערד?
וועמעס מח האָט די וועלט באַנומען?
וועמעס האַנט האָט אויסגעצירט די גאַנצע ערד?
איר פלייש, איר ביין, איר בלוט — איר קינד!

ווער האָט צייט געפירט, געפאָרשט, געבויגן און געבויט?
ווער האָט עקשנות׳דיק געמאָסטן זיך מיט איר
אין דראַנג און איר פאַרנעם?
ווער האָט פרידן, ווי דאָס עפּל פונם אויג, געוואָלט פאַרהיטן

און איז אַריינגעפאַלן אין דעם טייוול׳ס טויטן־קלעם ?
איר פלייש, איר ביין, איר בלוט — איר קינד !

און אַצינד איז קריג !
קריג קעגן דער מאַמען — אור־קוואַל פון לעבן און פרייד !
אויף שלאַכטפעלדער פון וועלט גרייט איצט
די מיאוסטע פאַרזעעניש פון אַלע אירע דורות,
פאַר זיך אַליין
אַ גרויסע, פריילעכע לויה —
די ווילדסטע חיה — בלוט אין אויג און סם אין אָטעם —
פראַוועט שוין איר לעצטע סעודה
פון ברודער־פלייש און בלוטיק ווייַן . . .
און מאַמעס לאַגלען וואַלגערן זיך
אויסגעליידיקטע, צעטראָטענע, צעבראָקלטע — שערבלעך !
איר פלייש, איר ביין, איר בלוט — איר קינד !

נאַר מאַמע לעבט . . .
אין ברוזיקער באַהעלטעניש פון איר צעוואונדעוועטן האַרצן
גייט אויף דער ווי פון אַלע ווייען,
דער געשריי פון אַלע מאַמישע געשרייען :
נקמה ! נקמה פאַר מיין קינד !
און ס׳טראָגט זיך רוף
צו אירע צאָלרייכע אַרמייען,
צו איר ליוטענאַנטן, גענעראַלן, קאָמאַנדירן
וואָס פירן איצט א י ר קריג אויף אַלע פראָנטן
אונטער אַלע פאָנען,
אין אַלע פוקסן־לעבער און טראַנשייען
אין אַלע עקן פון דער גרויסער קיילעכדיקער ערד.

און ס׳גייט איר מאַמישער געבעט
צו אַלע פעלקער וואָס זי האָט אין ווייטאַקן
געטראָגן און גענערט,
צו אומגליקלעכע, אומגעדולדיקע אין גיהנם׳דיקע
אונטערגרונטן,
צו אויסגעבלוטיקטע פון וואונדן,
צו אומשולדיקע עופ׳עלעך, וואָס גייען צו דעם טויט
ווי צו אַ מאָדנעם שפּיל:
„צוזאַמען, קינדער מיינע,
צוזאַמען, בּרידער לייבּלעכע,
פאַר קיום פון דער מאַמען —
פאַר אָנהויב פון דעם אָנהויב
פון משפּחה׳דיקער וועלט.״

און מאַמע וואַרט . . .
אין טאָג פון גרעסטער, פרייִלעכסטער לויה
פון העסלעכסטן באַשעפעניש,
וואָס האָט פאַרשוועכט דעם אומגליקלעכן שוים פון מאַמען,
וועט זי אַרויס
אויף אַלע גאַסן־ראָגן
און טראָגן די בשורה פון אַלע בשורות
צו טאַנצנדיקע מאַסן,
און אויסזינגען דער וועלט איר שענסטן ליד פון וויג —
עס וועט זיך אָנהויבן מיט פרייד
און ענדיקן מיט גליק
מיט זיג פון מענטש —
איר פליייש, איר בּיין, איר בלוט — איר קינד!

# ביים קינדס וויג

זיצט אַ מאַמע ביי דער וויג,
ס'שפּילט מיט ווינדלעך זיך דער ווינט,
ניט פון אַלטער גרויער ציג
דערציילט זי שטיל איר קינד.

ניט פון ציג — פון פוקסן־לעכער,
ניט פון מאַנדלען — פון יתומים —
זי רעדט פון ברענענדיקע דעכער,
פון צעשטערטע היימען . . .

אַ זייגער גייט ווען ס'ברענען ווענט —
ער הערט ניט אויף צו שלאָגן —
זי האָט אין חרוב'דיקער
אַ מענטשן אויסגעטראָגן:

אַ פּיצל גרינס צווישן בראַנד רואינען,
אַ טראָפּן טוי אויף וועלקענדיקער רויז,
אַ פּעדעמל אין צוקונפט איינצושפּינען
זי האָט אַרויסגעגעבן פון איר שויס . . .

אין וויגל שלאָפט צעפרידן איין —
דער מאַמעס שענסטער חלום —
עס וועט איר קינד אַמאָל פאַרשטיין
דעם פרייז פון פרייד און שלום.

# שלאָגלער

שלאָגלער — ציגל־טרעגער פון אונזער פרייהייטס־בוי,
אינזשעניר — סאָלדאַט וואָס לייגט אַ בריקן־קאָפּ
אין לאַגער פונ׳ם פיינט,
טרעגער פון אמת דורך קאַלטן מאָרגן גרוי,
וואָס קומט צוריק פאַרשטאַרקט מיט נייע גוטע פריינט.

שלאָגלער — בויער אונטער שונא׳ס פייער־רעגן,
ער טראָגט זיין פרייהייטס־אַרסענאַל צו יעדן פּאַרטיזאַן;
געדולדיק זוכט ער זיי אויף שווערע, פּלאָנטערדיקע וועגן
און בויט זיין בריק פאַר אמת שפּאַן ביי שפּאַן.

זיין לוין איז דאַנקבאַרקייט און שמייכל פון באַקערטע,
זיין לוין איז פרוכט פון זיינע פּשוט־אויפריכטיקע רייד,
זיין לוין זיינען די אויגן פלוצלונג אויסגעקלערטע,
וואָס זעען ליכט צום ערשטן מאָל מיט קינדערישער פרייד.

# ס'איז מיר אַזוי ליב דיין לעבן

(צו מיין זונס געבורטסטאָג)

מיין זון, עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון דיין געבורט,
און צוואַנציק יאָר ביי מאַמען איז געווים אַ פרייד;
נאָר כ'זיץ . . . אין האַרץ אַ קלעם, די ליפּן איינגעשנורט
און פיל איבער דיין לעבן שאַטנס פונ'ם ט ו י ט.

פאַמעלעכדיקער סם טריפט זים פון פאַלשע צונגען . . .
פאַם מאַמעס זין פאַרגרייט איז שוין אַ וואָג:
אויף איין שאָל — סנאַפּעס — רייפע יונגען,
אויף צווייטער — גאָלד — געפּרעסט פון מאָרד און פּלאָג!

מיין זון, מיין זון, ווי ליב ס'איז מיר דיין לעבן!
כ'געדענק ווי כ'האָב געציילט די טעג, חדשים, יאָרן,
און כ'האָב געהאָפט דער וועלט מיט פרייד דיך געבן,
ווי ס'גיט דאָס פעלד דעם מענטשן אָפּ זיין רייפן קאָרן!

און כ'שווער איצט, זון, מיט דיין צעבליטן לעבן —
דעם קוואַל פון דורות פרידלעכע און פרייע —
איך וועל פאַרצענפאַכן מיין קעמפן און מיין שטרעבן,
העלפן אויסבויען פאַר דיר און אַלעמען אַ וועלט אַ פרייע!

# מער ניטאָ . . .

(אין אָנדענק פון דר. חיים זשיטלאָווסקי)

מער ניטאָ . . .
אַזוי פשוט . . . אַזוי קלאָר און אומפאַרמיידלעך !
אַ שאָד, אַ שאָד . . .
וואָס ס'איז דיין קול גראָד איצט אַנטשוויגן !
פאַרגליווערט אין זיין פלוס,
דיין היימיש-פאָטערלעכער ניגון —
דיין שטילער, שטאַרקער, פולער ווערטער-שטראָם,
וואָס האָט פון טיפער קרעניצע
אַזויפיל פרישן כח אויסגעטיילט
אויף שווערן וואַנדער-וועג . . .
און וואו נאָר ס'גרייכט אַן אויג,
עס ליגן שוואַרצע, פינקלדיקע דימענטן צעשאָטן
אין דיינע אוצר-שראַנקען — דיינע לעבעדיקע ווערק !
עס ליגן דיינע פיין-געשאַרפטע, טרעפלעכע לאַנצעטן,
וואָס האָבן פוילעניש פון אונזער לעבן
קענגן זון אַנטפּלעקט;
עס ליגט, אַ פאַר'יתומ'טער, דיין ליכטיקער באַגער —
דיין לעצטער, הייסער וואונטש —
דאָס פאָלק זאָל דאָס געווער פון אַחדות
אויפהויבן אַנטקעגן שונאים !
שלאָף רואיג, טאַטע,
דו האָסט פאַרדינט דיין רו,
און וויים, אַז דיינע קינדער וועלן ניט פאַשוועכן דיין ירושה :
זיי וועלן אָפּהיטן דאָס געווער

אין דיינע אוצר־שראַנקען
און טראָגן אין דיין נאָמען, פירער,
דיינע קלוגע, אייביקע געדאַנקען,
פון פרייהייט פאַר דער וועלט און יושר פאַר׳ן אידן,
ווי אַ פאָן פון אויסדויער,
פון ערלעכקייט,
פון גלויבן,
אַז ס׳איז ווערט צו זיין ווי דו,
אַ קעמפער און אַ מענטש.

# געבענטשטע עלטער

וויינטרויבן פולע — זאַפטיקע יאָרן
צווייגן באַלאָדענע ציען אַראָפּ
צו ליכטיקע טעג וואָס ווערן געבאָרן
פאַרנויג, פריינט, אין נחת דיין אַלטן קאָפּ.

יוגנט — צעווירענער ווײַן אינ׳ם קעלטער,
מיטל־צייט — פעלדער מיט זוימען פאַרזייט . . .
און טאָפּלט געבענטשט איז די עלטער
וואָס שניידט דאָס פאַרזייטע מיט פרייד.

זאָל שפּיגלען זיך פרייד אין קינדערשע אויגן —
און מיטזינגען הערלעכסטן פרידנס ניגון —
ס׳וועט שפּיגלען זיך פרייד אין קינדערשע אויגן —
די זון גייט איצט אויף איבער וויגן.

## צו אַן אַלטער פרוי

דו טראָגסט דיינע יאָרן,
ווי בוים טראָגט זיין פרוכט —
מיט פּנים צו זון,
מיט שמייכל צום ליכט . . .
דיין געזיכט — אַ פעלד צעאַקערטעם פון צייט,
מיט קנייטשן — בייטשן־קלעפּ פון שווערע טעג!
דיינע בליקן — שאַרפע פּראָזשעקטאָרן
אויף אויסגעשוואַרצטן האָריזאָנט
פון פרייהייטס־פראָנט,
ווינקען מיט אָנרעג־רוף
פון אַ דערפאַרענער מאַמע,
וואָס האָט געזען געבורט און טויט
געבונדן איינס אין איינס
ווי רינגען פון איין קייט — לעבן!
דו טראָגסט דיינע יאָרן,
ווי פלאַם זיינע פונקען
צו פינסטערער הויך,
דורך פלאָנטער פון רויך . . .
זיי זאָלן מיט טעג פון די יונגע זיך בינדן
און שטיל אין פאַרגיין
אויף־דאָס־ניי זיך צעצינדן
אין המשך פון ליכטיק זייל
וואָס ווייזט אָן די קריגער
פאַר פרידן דעם וועג.

# עס שמעקט די ערד מיט אונדזער
# ברויט און ליד

מיין עלטער זיידע האָט ערדן אַלערליי געטראָטן
און אומעטום מיט שוויים און פיין געהאָלפן דעם פּאַרזיי,
נאָר איז דער שניט פון מי געוועזן געראָטן —
דערהערט האָט ער אויף אַלע שפּראַכן: „גיי!״

געגאַנגען איז ער שטאָלץ צו זון פון לעבן
און הינטער זיך זיין שוואַרצן צער-שאָטן געטראָגן,
אויף יעדער סטאַנציע האָט ער גרויסמוטיק זיין ליכט געגעבן,
עס זאָל אין שרעק פון נאַכט דערמאָנען אָט פאַרטראָגן!

אָט דאָס האָט טייוול אידן קיינמאָל ניט פאַרגעבן —
ס׳איז אים ענג געוואָרן דאָרט וואו ליכט האָט זיך צעצונדן,
און דור פון פינצטערניש וואָס האָט באַהערשט דאָס לעבן,
האָט בלוט געמאָנט פון איד, וואָס האָט אין וואַנדער פאָלק
מיט פאָלק פאַרבונדן.

אַ סליאַד פון בלוט פאַרצייכנט גאַנג פון אידן,
אַ קראַנקע פליאַמע אויף מענטשהייט׳ס לויטערן פּנים —
ס׳איז קיינער מער ניט זיכער מיט פרייהייט און מיט פרידן,
כל-זמן די וועלט איז אָנגעשטעקט מיט ווירוס—אידן-שונאים!

ס׳האָט בלויז איין לאַנד געוואָגט אַ דרייסטן שוואונג —
פון אייגן לייב מיט בראַנד-אייזן דעם ווירוס אויסגעבראָטן —
מיט ברודער-ליבשאַפט אָפּגעשוועקט פון יעדער בייזער צונג
דעם שטעמפּל „זשיד״, פון אידן-בלוט און וויי געקנאָטן . . .

איין לאַנד האָט שפּראַך פון געטאָס דערהויבן צווישן שפּראַכן,
מיט יושר, דורות אומרעכט אויסגעגליכט
אויף פעלקער־שאָלן —
דעם איד דערלאַנגט אַ לאַנד
מיט טייכן, וועלדער, בערג און פלאַכן
און ווי אַ מאַמע טרייע פון זיין נייעם אויפבוי־ליד געקוואָלן.

ס'האָט אָפּגעאָטעמט איד
אין קרים, אין מאָסקווע, אויף דער בירע, —
און ניט צום הימל האָט ער אויגן אויפגעהויבן אין געבעט: —
„אַ היים! . . .
אוים וואַנדער וועג . . . אוים שכן אין אַ פרעמדער דירה!
געבענטשט זאָל זיין העכסטער אַלפאַרבאַנדישער סאָוועט!"

זיין טאַיגע האָט ער אויסגעווירעט און אַרומגעשאָרן,
זיך שטעט און דערפער אויפגעבויט
פון אייגן שטיין און האָלץ,
אויף פעטע פּאַשעס רינדער, אויף פעלדער זיסן קאָרן
האָט ער געהאָדעוועט מיט נייעם פויערשן שטאָלץ.

פון שניט אין פעלד — אין שול;
פון וואַרשטאַט־באַנק — צום וויסן־בוים;
עס קלינגט דער לשון אידישער געמיטלעך־נאָענט
אויף גאַסן, אין קאָנטאָרן,
איבער סאָפּקעס, וועלדער, באַרזשעם כוואַליען זיך אין רוים,
ניגונים אידישע און פרייד־געזאַנג פון יוגטלעכע כאָרן . . .

אַ היים, אַ אידישע אָן שרעק, אָן געטאָ־ווענט,
אַ רויט־אַרמייער היימישער ביים גרענעץ שטייט און היט,
און ווי ברילִיאַנטן צירן די מאַזאָליעס אידן־הענט
און ס'שמעקט די ערד מיט אונזער אייגן ברויט און ליד!

# אַן אוצר

ווער עס שפּאָרט הייזער
און ווער עס שפּאָרט געלט —
איך שפּאָר מיר אָפּ
גוטע פריינט אין דער וועלט!

אַ ווילד־פרעמדע שטאָט,
אַ פרעמדער וואָקזאַל —
און פּלוצלינג דערגרייכט מיר
אַ וואַרימער שטראַל.

אַ בליק און אַ שמייכל,
מען גיט זיך די הענט,
ווי נאָענטע, וואָס האָבן זיך
יאָרן געקענט...

אַ נייער פריינט דאָ
און אַ ליבער פריינט דאָרט —
איך האָב שוין אַן אוצר
אַזאַ אָפּגעשפּאָרט!

יעדער באַזונדער —
וואַרימקייט, חן;
מיט זיי וועל איך קיינמאָל
ניט בלייבן אַליין...

כ׳וועל אפשר פֿאַרגעסן
אַ פּנים, אַ שטריך,
נאָר ס׳פּריינטשאַפט וועט גליען
אויף אייביק אין מיר.

פֿאַרטושן וועט נעמען
די ראַשיקע צייט —
נאָר אוצר וועט ווערן
כסדר באַנייט!

# עלי דער בלעכער

מיט ריטם־קלעפּ פון בלעך אונטערן האַמער,
מיט פריילעכן געזאַנג צום טאַקט,
וואָס טראָגט זיך פון זיין קעלער־וואַרשטאַט,
רייסט אויף דער בלעכער עלי
די איינגעשטאַנענע גרויקייט פון קליינשטעטלדיקער גאַס.

אַ יונג — אַ שטאַרקער, דעמבענער,
אַ שמייכל — זון און האָניק,
אַ מאַגנעט פאַר קינדערלעך דערשלאָגענע,
פאַרמורזעטע און בלאַסע,
וואָס בלאַנקען אום פאַרהונגערטע
נאָך פרייד און שפּיל . . .
קלעפּן זיי זיך
טוליען זיך
צום שטאַרקן קינדערישן עלי
ווי מחנות זשוזשענדיקע בינען —
זיי זיינען גרייט אין פייער און אין וואַסער . . .
פייל פון בויגן
אויף עלים וואונק פון אויג,
ווייל ער לייזט אויס אין זיי
דעם שעפערישן דראַנג
צו שער, צו פייל,
צום האַמער טאַנץ
אויף קלינגענדיקן בלעך.

הייסע, סמאַליענדיקע טעג . . .
אומגעלומפּערט סטאַרטשען אין דער הויך
סכנה׳סדיקע רעשטאָוואַניעס . . .
עלי בלעכער הייננט אויף שפּיצן און קאַרניזן
און וויגט זיך צווישן טויט און לעבן —
צו אויספּוצן די קלויסטערס און קאַסטיאָלן
מיט צלמים,
מיט באַגאָלדעטע קופּאָלן
פאַר גאָט, דער בתולה מאַריע
און פאַר יעזוס קריסטוס.

ס׳בראָט דאָס גליענדיקע בלעך,
ס׳פּענכערט זיך די הויט אויף לייב
און זון מיט שטראַלנדיקע לאַנצעטן
לעכערט מאַרך
ביז אויגן ווערן אויפגעבלאָזן,
ביז ס׳שווינדלען רעדער אַרום זיי
פון גרין און געל און שוואַרץ,
ביז ס׳צאַפּלט זיך דאָס האַרץ
ווי אַ ניט־דערקוילעטע . . .

וויפל פּריצישע מאַנעזשן,
וויפל גלאַנציקע פּאַלאַצן,
וויפל הייזער און פאַבריקן
האָט עלי אויסגעשטאָט און אויסגעצירט
מיט דעכער פאַרביקע,
מיט אויסגעשניצטע אָרנאַמענטן,
הייגנענדיק אויף ראַנדן ווי אַ פליג . . .

ניינצן פינף . . .
ס׳האָט זיך געדוכט אַז זיג
איבערן צאַר, דעם בלוטיקן, איז נאָענט,
און עלי שטייט מיט קעמפער אויפן פרייהייט־פראָנט —
מיט ציגל אין די הענט
אַנטקעגן צארם קאָזאַקן
(אין קריניק אויף סאָקאָלקער־גאַס)
צו ראַטעווען דעם כבוד פון זיין קלאַס . . .
דערנאָך אין פעטראָ־פאַוולער פעסטונג —
אַ שטיינער־זאַק, אַן איינצל קאַמער,
פאַרשלעפּט פון ווייב און קינד
פאַר זינד
קעגן דער פינסטערסטער ממשלה . . .

עלי בלעכער האָט לענינען און מאַרקסן ניט געלייענט,
ער האָט אפילו שרייבן ניט געקענט,
נאָר הענט האָט ער געהאַט
געזונטע, פּראַצאָוויטע,
וואָס האָבן קאַרגן לעבן אויסגעדריקט
פון שוויים און מי,
האָט אים זיין גראַדער פשוט׳ער פאַרשטאַנד
שוין אָנגעזאָגט
ווער ס׳איז אַ פריינט
און ווער אַ שונא
וואָס זויגט דעם קליאַק פוןביינער
און באַגער צו לעבן.

עלי בלעכער האָט פולע טעג
ווי שפּלינטערס נישטיקע צעזייט איבערן שטעטל;
ער האָט יאָרן אַזוי לאַנג
אויף שיך און ברויט געביטן,
ביז דער שטאַרקער דעמב
האָט זיך אַ בויג געטאָן,
אַ קרעכץ געטאָן
און איינגעפאַלן . . .
אַן אויסגעזויגענער אויף קראַנקן-בעט
אַן אַרויסגעשליידערטער
פון גרוים געוועט פון כחות . . .
איצט האָט ער צייט
חשבונ׳ט ער דעם אָפּשפּאַר פון זיין לעבן:
פּיס-געשווילאכץ און רומאַטעס
און גלידער אויסגעדינטע
וואָס מעסטן זיך אין ווייטאָקן איינס מיטן אַנדערן.
זיינע אויגן וואַנדערן אַרום זיין בעט —
וואו זיינען קינדערלעך?
וואו ליד פון האַמער?
גרויע ווענט, אַן איינזאַם קאַמער
און אַדערדיקע, איבעריקע הענט,
ווי אויסגענוצטע בגדים —
קיינער וויל זיי ניט,
קיינער דאַרף זיי ניט . . .
אַ פולער מאַרק פאַראַן פון יונגע עלי בלעכערס —
לעבנס פרישע — פוילן
ווייל ס׳איז פאַרפאַקט דער מאָגן פון דער וועלט
מיט מאכט און געלט!

אַי, ווען כחות טראָגן ווי אַמאָל . . .
ער וואָלט די הענט
וואָס הייגגען פויל,
ווי איינגעזשאַווערטער כלי זין,
פאַרקנופּט אין קייטן
און אױסגעשלייפט אַ תליה
פאַר פאַרשוועכער פון לעבנס;
אָבער קיין כחות האָט ער ניט,
צאַפּלט זיך זיין רעשטל לעבן
ווי אַן אויסגייענדיקע ליכט,
ווי אַ טליענדיקע האָלאָוועשקע
אין אַ בערגל אַש,
אויף זיין איינזאַמען בעט.

— — — — — — —

אַמעריקע !
אויך אין איר
האָט עלי איינגעוועבט זיין חלק :
מיט יאָרן צוריק
איז ער געלאָפן זוכן גליק
אין לאַנד פון וואָלקן-קראַצערס,
באַנק-ביכלעך,
סאַבוויים און מאַגנאַטן,
אין לאַנד וואו אַרבעטער
לעבן ווי פּריצים,
אין פּאַלאַצן,
טראָגן גאָלדענע רינג און זייגערס
און גומענע קראַוואַטן,

אין גאַסן אויסברוקירטע
מיט רענדלעך . . .
אָבער באַלד האָט נודנע וואָר
אים אַ נעם געטאָן ביים גאָרגל,
אַרויסגעפּרעסט דריי רייפע יאָר
און זיי פאַרגראָבן
אונטער ריזיקער מצבה — שטאָט ניו־יאָרק.

דאָרט, אַריבער ים׳ען,
איז זיין איין־און־איינציק קינד . . .
זי איז אַ געלערנטע אין קלאַסן,
זי וועט דעם חשבון ביזן סוף דערפירן,
זי וועט מיט בלעכערס, שוסטערס —
מיט פּראָסטע בעל מלאכות,
וואָס בויען און צירן דאָס לעבן,
אַ ליכטיק שנירעלע אַריינוועבן
אין מאָרגנדיקן טאָג . . .
זי וועט איר קעמפערישן ברען
אַוועקלייגן אויף זייט פון וואָג
וואו אמת און פּראַצע איז געוויכט.

עלי בלעכער,
פאַרביינקט נאָך ריטם פון׳ם האַמער,
צו שוואַך פאַר פריילעכן געזאַנג,
צו אַלט און קראַנק
פאַר שפּיל מיט קינדערלעך
פון גרויער גאַס,
ווייס מיט שכל פּשוט׳ן —
אין גאַנג פון טעג
אויך זיינע וועלן זיין פאַרטראָטן.

# ווינעלע פון פרייהייט

פעניועל האָל . . . דאק סקווער . . .
פון אַלע עקן לאַנד קומט מען אַהער —
„ווינעלע פון פרייהייט״!
ניט יעדן ווינעלע איז דאָך באַשערט
צו איבערגיין פון דור צו דור ווי טייערסטע ירושה.
אונזער „ווינעלע״ — איז לעבן,
המשך פון אַ בראַוון דור,
וואָס האָט אַנטקעגן מאַכט פון הערשער
אַ „טיי־פּאַרטי״ פאַרטראַכט
און דעם סיגנאַל צום קאַמף געגעבן!
עס קומען פּילגרימען פון לאַנד,
עס קומען שלאַכטמענער אין קהאַקי און אין בלוי
אויפּסנייַ זיך ווידמענען צו פרייהייט פונ׳ם פאָלק!
אונזער פרייהייט —
ניט קיין אַלטע יחסנ׳טע, וואָס לעבט מיט שימל פון אַמאָל,
ניט קיין צירונג־אָרנאַמענט
אין פראָנט־וויטטאַווע אויסגעשטעלט —
זי איז דער זויער־שטאָף,
וואָס מוז אין אָדערן פולבלוטיקע געלייטערט ווערן
מיט יעדן אָטעם־צוג
פאַר קאַמף אַנטשיידענעם מיט שונאים פון אַ וועלט!

פעניועל האָל — אַן איינפאַך ציגל־הויז . . . אַ פשוט׳ער נאָמען,
אַ סימבאָל פון זעט פאַר יעדן טיש —
באַסטאָנ׳ס עלטסטער מאַרק פון שפּייז, פלייש און פיש,

נאָר איבער זעט קומט פרייהייט —
צום אויבערשטאַק, ווי צו אַ הייליגקייט,
מען גייט אויף שטיגן גראמע . . .
שווייגנדיק, פּאַמעלעך, שטיל —
מען וויל מיט יעדן חוש באַנעמען
דעם גייסט פון פּאַטריאָטן אייגעוועבט אין רוים . . .

ווי ס׳ערשטע ליד פון אַ געבענטשטער מאַמע,
וואָס זעט איר טרוים פאַרווירקלעכט
איז ליבער אָפּקלאַנג פון דעם מוטיקן אַמאָל:
עס מאָנען ווענט-געמעלן, קריצונגען געשיכטלעכע
און קלוגע רייד פון מעשענע פּלאַטן:
„היט אָפּ, ווי אויג אין קאָפּ די פרייהייט פון די שטאַטן!
מעסט זי ניט מיט גאָלד
וועגט זי ניט מיט דימענשטיין.״
יאָ, אַ וויגעלע בלייבט קליין —
דאָס קינד וואַקסט עס אַריבער . . .

אַמאָל האָט פעניועל האָל געטורעמט צווישן שטיבער,
זיין וועטער-האָן האָט אָנגעזאָגט דעם קורס פון נייע ווינטן,
איצט, צווישן מויער-ווענט פון גרוים-שטאָט איינגעפורעמט,
גריסט „דאָס וויגעלע״ די געסט מיט שטאָלץ פאַרדינטן:
איר פרייהייט לעבט אין יעדן טראָט
פון אונזער זיגערישן גאַנג,
אין יעדן קלאַפּ פון האַמער איבער שטאָל
אין יעדן טראָפּן שווייס אויף אָנגעשטריינגטן שטערן,
אין טרערן לויטערע פון מאַמעס וואָס באַגלייטן זין צום זיג.

„ווינעלע פון פרייהייט״ — ניט קיין פוסטער קלאַנג —
פרייהייט איז פון וויג מיט פרייד אין קריג אַוועק!
זי הויזט אין הערצער פון מיליאָנען,
אירע פאָנען זיינען מעכטיקער פון טויט און פייער —
זיי ווערן שטאַרקער נאָך אונטער שונא׳ס שווערד —
איר היים וועט זיין די ערד!
דער פרייער מענטש — איר לוין!
קומען פילגרימען פון אַלע עקן לאַנד
צו באָסטאָנ׳ס פעניועל האָל —
דאָס „ווינעלע״, וואו אונזער פרייהייט האָט די וועלט דערזען!

# ברעגן פֿון ניי־ענגלאַנד

שיין זיינען די ברעגן פֿון ניי־ענגלאַנד —
פּיאָנערן האָבן זייער זאַמד מיט האָפֿנונג באַטראָכטן,
און אויף דיונעס גאָלדענע פֿון וויקערשיק און גלאָסטער
הייזער, גערטנער ווי פֿרילינג צווייט צעשאָטן.

אַנדערש זיינען די ניי־ענגלענדער פֿאַרנאַכטן,
אַנדערש אירע פֿאַרבפֿולע פֿאַרטאָגן,
דאָס שפּיל פֿון ליכט אויף דעכער, זעגל־שיפֿן, יאַכטן
ווערט ווי ירושה־צירינג אויפֿן האַלדז געטראָגן.

אַ שיף אַ חורבה — אַן אויסגעדינטער זקן,
גרינער ים־מאָך אויף אַלט געליימטע זייטן,
נידערט זון אויף איר מיט גאָלד פֿון אירע לאָקן
און ס'וויגט זיך שוין אַ כישוף־שלאָס פֿון ווייטן.

פֿאָסן ים אין גרינס פֿון ברעגן איינגעביסן
אייביק גריזשען כוואַליעס — מיט צאַרטן ליד, מיט קריץ
פֿון ציין,
ווילדקייט פֿון פֿאַרצייטן אין ווינקלען וואַלדיקע באַגריסן,
און ס'רופֿן שטעגן אוראַלטע און צייט־געזאַלבטער שטיין.

ליב זיינען די שטילע ברעגן פֿון ניי־ענגלאַנד
זיי נעמען אויף אַ פֿרעמדן ווי נאָענטן, אַלטן פֿריינט,
און יעדעס מאָל זיי טראָגן אים צו כיבוד
דעם וויין פֿון נעכטנס און די פּראַכט פֿון היינט.

# פערטער יולי

פערטער יולי —
אויסדערוויילטער טאָג פון טעג —
שאַרפע האַק,
וואָס האָט אין ווילדערנעש פון טיראַניי
אַ וועג פאַר ליכט פאַרלייגט;
גאָלד־געוויכט פון פרייהייט
אויף וואָג פון דער געשיכטע;
שטאַמפּ פון קעמפערישן בלוט
אויף דעם געבורט־שיין פון אונזער גרויסן לאַנד!

פערטער יולי —
דאָס איינפאַכסטע געווער פון „פּשוט'ן פאַרשטאַנד", *
די שווערד פון וואַשינגטאָן,
דער מוט פון דזשעפערסאָן,
די שאַרפע פען און צונג פון גרויסן טאָמאַס פּעין,
האָבן אין בראַנד פון קריג,
געלייגט דעם ווינקלשטיין
פון אונזער פאָלק און פרייהייטס־פאָן.

נאָר פונקט ווי ברעקלעך גאָלד
אין הורבעס זאַמד — איז פרייהייט פון אַ לאַנד *
מען מוז זי יעדעס מאָל אויפסניי געווינען
און וואַסערן מיט שוויים, מיט בלוט, מיט פרייד און טרערן,

---

* „קאמאן סענס", באַוואוסטע ווערק פון טאָמאַס פּעין וואָס האָט באַאיינפלוסט דעם גרויסן קאַמף פאַר באַפרייאונג.

ביז יעדער טאָג וועט ווערן 4טער יולי,
ביז מאָס פון טעג וועט ווערן פול
מיט פרייהייט-יובל'ען,
מיט זיגערישע קאַרניוואַלן,
ביז פאָלק וועט שפּינען פריידיקע לעגענדעס
וועגן טויט פון קאַניבאַלן
און וועגן טייערסטער ירושה פון יעדן לאַנד —
דעם פּשוט'ן פאַרשטאַנד.

# ווילאַ

ניט פיין־געטאָקט זיינען די שטריכן פון איר פנים
לויט „ווייסער" מאָס,
לויט „ווייסן" ווערט,
נאָר עכט און קרעפטיק איז איר שטעל
פאַראַנקערט טיף אין היימיש־ליבער ערד.
אויגן — ליכט־געזאַפטע שוואָמען —
גוטסקייט קוועלט אויף אויסווייניק פון איר האַרץ —
ווילאַ איז איר נאָמען,
איר שטאַם איז שוואַרץ.
ווייל ס'איז איר אַזוי קאַלט געווען אין „ווייסער" וועלט,
האָט זי פון זון די וואַרעמקייט
אַריינגעוועבט אין אירע גלידער;
ווייל ס'איז איר אַזוי אומעטיק געווען
אין איי ג ן היים זיין פרעמד,
האָט זי אין טרויער־פרייד גע'טבל'ט אירע לידער.
פילבאַר־שעמעוודיק, ווי טראָפּישע מימאָזאַ,
איז ווילאַ מיר אַ חבר'טע געוואָרן . . .
און ווי אַ וואַנט פון אַלטן, פוילן שפינוועב
איז צעפאַלן פאַראורטייל פון יאָרן —
ס'בליען פרישע חנ'ען אין אונדזביידן,
אונדזער פריינטשאַפט—קונסט געמעל אין ווייס און שוואַרץ.
נאַכט און טאָג — פאַרברידערט און פאַרשיידן
נאָר ס'רויטע בלוט
קלאַפּט אויס דעמזעלבן ריטם אינ'ם האַרץ . . .
זינגט מיר ווילאַ אויס די קריוודעס פון איר שטאַם
און איך גיס אויס פאַר איר דעם גרויסן בראָך פון אידן —
צוויי כאַווערטעס מיט קינדער־קעמפער ערגעץ אויפן ים
אַיין טרוים — אַ וועלט — אַ היים פון יושר און פון פרידן.

## קאַפּיטאַן מאַלזאַק

אַ טרוים . . .

ברייטער רחובות׳דיקער אָקעאַן,
שטורעם און געפאַרן,
זון־און־כוואַליע־שפּיל אַרום אַ שטאָלצן שיפן־קיל —
און ער, אַ שוואַרצער קאַפּיטאַן, ביים רודער,
אַ פרייער מענטש אין פרייען רוים,
צווישן אומרו־וואַסערן און דראָענדיק הימלען . . .
נאָר צווישן אים און טרוים זיינעם
האָט זיך זיין שוואַרצע הויט
ווי בלינדע וואַנט געשטעלט,
און טעמפּע, ווייסע מוחות האָבן אַרום איר
אַ צאַם פון פאַראורטייל אַרומגעבויט.

האָט מאַלזאַק, דער נעגער,
מיט גלויביקער געדולד פון אַ גערעכטן
לאַנגע יאָרן אויף זיין טרוים געוואַרט —
ביז צייט, אין דרייסטן שוואונג צו נייער וועלט,
האָט צאַם, ווי פוילן אָפּפאַל, פון איר וועג פאַרשאַרט,
דערזען אַ ביינקענדיקן מענטשן אונטער שוואַרצער הויט
און אים פאַרטרויט אַ שיף.

שמייכלט קאַפּיטאַן מאַלזאַק
און ס׳ענטפערן מיט שמייכלען
זיינע זיבעצן מאַטראָסן־קינדער:

זיין שיף, אַ קליינע וועלט,
אַ מוסטער פון סאָראייניקטע נאַציאָנען,
זיי דערמאָנען אָן דעם וואונדער
פון גערעכטיקייט פאַר וועלט,
וואָס ווערט אין ווייסן בראַנד פון שלאַכט גע׳חתמ׳עט
מיט רויטן בלוט פון שווארצן און פון ווייסן העלד
פאַר גרעסטן טרוים פון פעלקער — די וואָר פון מאָרגן.

# דער נעגער־מוזיקאַנט

ווי אַ צעשטיפּט טייכל,
וואָס יאָגט זיך באַרג אַראָפּ,
פליסן זיינע שוואַרצע פינגער
איבער ווייסע קלאַווישן פון פּיאַנאָ;
זיין אָטעם אין טראָמפּייט —
איז דאָס זעלטענע געזאַנג
פון אויסגעחלומ׳טן גן־עדן —
אָבער זיין אויסזען איז פאַרשיידן —
זיין הויט איז שוואַרץ,
זיין בליק באַשיידן —
ווייכט פון אים זיין גליק!
זיין פאַרברייכע נשמה
שפּילט ער אויס
הינטער קוליסן,
זיין ברען און וויסן
גיט ער אָפּ די ווייסע אָרקעסטער־קאָלעגן...
און זיי, שטאָלצע, זעלבסט־צופרידענע,
גייען אויף דעם בינע־פראָנט אַרויס
און נעמען־אויף
דאָס האַרציקע באַגריסן פונ׳ם פאָלק,
וואָס ער,
דער שוואַרצער געני
הינטער די קוליסן,
האָט פאַר זיי פאַרדינט!

*    *    *

עס איז אַ זינד
מיט שוואַרצער הויט
געבוירן ווערן
אין דעם לאַנד פון שטרייפן און פון שטערן,
וואו „אַלע מענטשן זיינען גלייך באַשאַפן״
און „יעדער האָט אַ רעכט
אויף לעבן און אויף גליק?!״
זיין גליק —
דער גורל פון אַ נעגער-קינסטלער
ליגט פאַרמאַגערט און פאַרדאַרט
אויף אַלטן מיסטהויפן
פון פאָראורטייל און ווייסער בירגערלעכער חוצפה —
עס וואַרט פאַר רייניקונג
אין שטורעם,
אויף גרינע פעלדער
אין אַ ברידערלעכער וועלט.

# טאָמאַס פּעין

„מיין לאַנד איז די וועלט — טאָן גוטס איז מיין גלויבן״ —
טאָמאַס פּעין האָט זיינע רייד צו אַ פרייהייט-פאָן דערהויבן
און אויף איר סאַמע אויבן-אָן
פאַרקריצט מיט בלוט פון העלדן —
דאָס רעכט פון מענטשן פריי צו זיין . . .
„וואו פרייהייט איז ניטאָ — דאָרט איז מיין היים!״
און ער האָט אונזער יונגעם לאַנד
מיט ליבשאַפט פאַר זיין היים געמאַכט!
דער „פרעמדער״ האָט זיין יוגנט-ברען געשיקט אין שלאַכט
און אין דער שוואַרצסטער שעה
די אָדערן פון וואַשינגטאָנ׳ס אַרמיי מיט מוט גענערט . . .
זיינע מונטער-רופן — ליכט-ראַקעטן,
האָבן אויפן גרעניץ פון מפּלה —
זיג אַלס ציל אַוועקגעשטעלט!

טאָמאַס פּעין — בירגער פון וועלט,
ריטער פון יושר,
שטורעם-וויזער,
שמיד פון פיינסטע וואָרט-לאַנצעטן
געגן „זומער-העלד״, און „זונשיין-פּאַטריאָט״,
פורעמער פון זיכערסטן כלי-זין — „פּשוט׳ן פאַרשטאַנד״ —
האָט ווי אַן הייב-אַם, מיט געניטער האַנט,
פאַרקניפּט דעם נאַפּל-שנור פון אונזער פרייהייט און . . .
איז אויסגעגאַנגען אָרעם און פאַרגעסן
פון זיין אומדאַנקבאַרער צייט?!

טאָמאַס פּעין —
דער לויכטנדיקער שטערן אין דעם לאַנד'ס באַגינען,
איז צו שטאַרק געווען פאַר קורצזיכטיקע אויגן פון זיין צייט,
און איז ווי אַ שאָלעכץ פון אַן אויסגענוצטן קערן,
פאַרשאַרט געוואָרן אַן אַ זייט . . .
זיין פען — כירורגן-מעסער,
איז ווי דאַמאָקלעס שווערד געהאַנגען
איבער זינדיקע קעפּ
פון מיטצייטלער דערשראָקענע
און וויסטע היפּאָקריטן,
ווייל זי האָט ביזן בלוט געשניטן דעם ווילד-פלייש
אויף דער געבערמוטער פון יונג-אַמעריקע!

נאָר ליכט דרינגט דורך סיי רוים סיי צייט —
טאָמאַס פּעין איז ווידער דאָ מיט אונז אין שווערער שעה,
ביי זייט פון פרייהייט אין געפאַר:
אין שוך-פאַבריק, אין היים פאַרלאָזטן,
אין דזשאָנגל-וויסטע
און אויף פרייהייט-פּראָנטן פון דער גאָרער ערד . . .
דער העלד פון אונזער צייט
טראָגט ווי אַ שווערד זיין אויסגעפּרואווטעס וואָרט
ווי אַ מזל-צייכן, ווי אַ הייליקע קמיע,
ער נעמט מיט זיך אין פעלד,
אין טיפע אומהיימלעכע פוקסן-לעכער, אין אָפענעם געפעכט,
פּעינ'ס אמת וועגן וועלט און רעכט צו זיין!
דער גרויסער פאָרלויפער פון קעמפערישן דור
איז ניט געמינערט אויף איין האָר אין גרוים און וואָג —
און היינט צו טאָג

מיר גייען נאָכאַמאָל פאָרויס מיט טאָמאַס פּעין
צו אויסלייזן דעם מענטש פאַר זיג פון גוטס,
וואָס איז זיין גלויבן,
פאַר כבוד פון דער פאָן, וואָס ער האָט אויפגעהויבן
מיט זיינע קלאָרע אמת־רייד:
„דאָס זיינען צייטן, וואָס פּרואוון דעם מענטשנס נשמה,
און די וואָס האַלטן אויס אַ צינד,
פאַרדינען דאַנק און ליבּ פון יעדן מאַן און פרוי און קינד . . . "
יאָ, דאָס זיינען צייטן פון זיג און נקמה —
אַ תליה, דעם תליון פון ווירדע און רעכט פונעם מענטשן,
דאָס זיינען צייטן פון הייליקער יושר־מלחמה,
פון העלדן, פון קדושים,
וואָס בענטשן דעם אָנדיינק, דעם נאָמען,
דאָס לעבן און זיין פון ט אָ מ אַ ס פּ ע י ן.

# „דעמאָקראַטיע"

„דעמאָקראַטיע!"
אַן אַלטער, אויסגעריבענער
פּרוכת'ל
איבער דעם צוגעפּוילטן געוויסן
פון אַ רויבערישער וועלט!
אַן איינגעפונדעוועטער בוים,
פון ווערכן ווערים
האָבן דאָס געדערים אויסגעפרעסן
און אויסגעהוילט
ביז סאַמע האַרץ.
ווען נאַכט איז שוואַרץ
קומען שדים,
אין פּרכת'ל פאַרוויקלט,
און זינגען שירה און לויב
דעם גאָט פון רויב,
זיי מאַניען און פאַרפירן
וואַנדערער פון שליאַכן
צו טעמפּע ווינקלען
אויף הינטערוועגן . . .
און סאָוועס,
וואָס האָבן זיך אַ היים געמאַכט
אין אויסגעהוילטן בוים,
לאַכן און הוקען
ווען זיי קוקן פון העכסטע צווייגן
אַראָפּ אויף אונז
און בעטן ווילד צו זייער גאָט —
דעם גאָט פון פינצטערניש —
ער זאָל דעם טאָג פאַרהאַלטן!

## בילדער־אויסשטעלונג

גרויע ווענט,
באַקליידט אין ליכט און פאַרבן,
אָטעמען . . .
דאָס האָבן שעפערישע הענט
אַרויסגעראַטעוועט
פון וואָכעדיקער וואָר
אַ זשמעניע פרייד
און זי מיט ליבשאַפט אויסגעזייט
צווישן קאַרבן פון געוואַנט,
דורך פעלדער איינגענורעטע אין שניי
און בלומען רעגנבויגענע,
וואָס בעטן זיך
מען זאָל זיי אָפּרייסן
און צולייגן צום נאָז . . .
נאָר אָט דערלאַנגט אַ וואונק
אַ געלע פליאַמע גראָז
אַרום צעקרימטן שטיבל
און דערמאָנט,
אַז ערגעץ נאָענט
איז אַ מ ע נ ט ש אַ לייטישן הונט מקנא! . . .
ווי אַ צעקנייטשטע באָבע,
שאָקלט זיך ביים ברעג
אַ חרוב'ע שיף,
געפּאַטשט פון ים און ווינט,
וואו אַרבעטלאָזער פישער

האָט אַ „היים"
פאַר ווייב און קינד געמאַכט;
עס לאַכט אַ גרינער פרילינג
אויף צעבליטע ביימער
אין אַ ווינקל;
אַ מעשענער טעפּעלע, אַ שיינער
האָט אַ גאַנצע זון
אין זיך אַריינגעזאַפּט —
און לאָזט ניט אָפּ . . .
אַ שטאָלצער נעגער־קאָפּ,
מיט מעזשעם טיפע
פון די שקלאַפן־יאָרן,
אָפּגעשטעמפּלט אויף זיין פּנים,
האָט מיט אויגן אייגענע געזען,
ווי פרייהייט ווערט געבוירן
פאַר זיין פאָלק . . .
צווישן גרויע ווענט — אַ וועלט:
ליכט און שאָטן,
שיינקייט אָן אַ שיעור.
זי ביינקט נאָך אויגן,
וואָס זאָלן זי באַנעמען אין איר גאַנצקייט
און ניט פאַרשעמט ווערן
מיט איר! . . .
נאָר אויגן,
וואָס וואָלטן קינסטלער
מיט אַ דאַנק באַלוינען ביי זיין לעבן,
זיינען גאָר פאַרנומען
זוכן ברויט,

און דאַך איבער׳ן קאָפּ
און קלייד . . .
זיי זיינען גאָר פאַרנומען
מיט באַוויינען
לעבנס טייערע
וואָס פּלאָנטערן זיך
אין די שוואַרצע שפּינוועב-נעצן
פון אַן אָפּגעלעבטער צייט.

# ים

ס׳ווערט מיר אומעטיק
ווען כ׳קום צו דיר, מיין ליבער ים,
ס׳ווערט מיר סמוטנע פון דיין גרויס,
דיין מאַסלאַזן פאַרנעם
און דיינע סודות׳דיקע זיפצן.
אָט, דוכט זיך, גלעטסטו מיינע פים —
אַ לאַסטשענדיקער, קילער,
ווי אַ שטילער שוים-הינטל
דו טוליעסט זיך צו מיר . . .
און אָט אַ יאָגן זיך שוין וועלן
איינע איבערן צווייטן —
אַ טשאַטע אויפגערייצטע פאַלשע קעץ,
מיט רוקנס אויסגעבויגענע
מיט ווייכע, ווייסע, נעגלדיקע לאַפּעס
גרייט צום פאַנג . . .

אייביק און קאַפּריזנע
איז גאַנג דיינער און מידות —
מיט גוטסקייט פון אַ מאַמע
צוואָגסטו אוים און קאַמסט אַרום
די ברעגן דיינע
מיט קרוכלען קלאַנג פאַרוויגסטו זיי
אין שלאָף
און זינגסט דיין ליד
אָן אָנהויב און אָן סוף —
דאָס ליד פון אייביקער באַוועגונג.

# „פּאַינט און פּאַינס"

אהער קומט דער ים צו גאַסט —
אַ רייכער בעל-גוף
צו אַן אָרימען קרוב אויף שמחה:
זאַט מיט רחבות,
זאַט מיט ווייט און טיפן,
מיט אומרו און מיט שפּיל . . .
ווייל ער טאַקע
מען זאָל וויסן
ווי ברייטהאַרציק אַ גביר קען זיין!
פּאָראויס לויפן שמשים
אין גרינע קיטלען און ווייסע זאָקן,
הכנעה'דיק, דערשראָקן פּרעפּלען זיי שטילערייד:
„ער גייט . . . ער גייט . . .
אַ וואָרע מאַכט . . . זיין מאַיעסטעט!"
אַ ברייטער צעכראַסטעטער
רוקט זיך ים צום ברעג
מיט דריבנע, חשובע טריט
און ס'גליט אַן אוצר גאָלד
אין גרין-בלויען סאַמעט
פון זיין רייכן מלבוש:
פאַלדן — פּעטע, בייכיקע
זעגלען אָנגעפילט מיט זינגענדיקע ווינטן,
בלאָזן זיך און טומלען אַן אַ שיעור —
דער גביר איז דאָ —
פון ווייסער באָרד און פּאות

רינט צום ברעג אַרונטער
ס׳רעשטל פון זיין וואַסער־אוצר,
ווי שיריים פון זיין טיש:
אַ קאַרגער שמייכל,
אַ קילער גלעט,
אַ דריי דעם רוקן . . . און אַוועק . . .
אַנטוישט, פאַרלאָזט און טרוקן
ליגט ברעג פון אָרימקייט —
„פאָינטס אָוו פיינס״.

— — — — — —

אַהער קומט ים פון יוצא וועגן —
זיך אויסצושטעלן מיט זיין פּרעכטיקן פאַרמעגן
ווי אַ רייכער בעל־גוף
ביים קרוב אָרימען אויף שמחה,
איבערלאָזנדיק אויף זאַמדן
שליאַדן שליימיקע
פון איילענדיקע טריט.

# אינדיאַנער זומער

ווי אַ ליבע אין די מיטעלע יאָרן,
איז דער אינדיאַנער זומער —
איבערלאָדן, איבערטריבן,
איבערייף מיט וואַרעמקייט און זיסקייט
מיט אומגעזונטן אימפּעט
פון אַ פאַרלאָרענער שפּיל;
עס איז דער לעצטער פאַרלאַנג
פון אַ פאַר׳משפּט׳ן צום טויט,
וואָס וויל אין איילעניש אַריינכאַפּן
די פרייד פון ניט־דערלעבטע טעג . . .
נאָר אפילו אין אַ וועלט אַ קרומער,
גייט זיך די נאַטור געדולדיק
אויף איר אויסגעפּרואווטן וועג
דורך אייביקן זיגזאַג
פון טויט און לעבן,

פרייד און קומער . . .
אינדיאַנער זומער —
פּאָמפּ און ערנסט —
מאַרש פון צייט צו אייגענער לויה
אין שענסטן סטיל:
אין אויסטערלישן פאַרבן־שפּיל
וואַרטן רייפע וועלדער,
אויסגעטראָגענע פעלדער,
לעצטע, חנ׳עוודיקע בלום . . .
און דער ווינט

שלייכט אַרום אויף שפּיצן פינגער
אומנאַטירלעך . . . שטיל . . .
ער וויל אַ טרייסט ברייגען
צו די וואָס שטאַרבן אויף אַ ווייל
צו יונגער מאַכן זייער וועלט !

אינדיאַנער זומער —
אומזיסטער פּאַרמעסט !
ווייל עס ווייס דער פויגל אין נעסט,
די ווייגענדיקע ווערבע,
דאָס גראָז און דאָס בלימל,
אַז ס׳איז דער אָנהויב פון׳ם סוף . . .
און מיט דאַנק קוקן זיי אַרויף
צו דער זון, דער ליבלעכער,
אין בלויען הימל,
וואָס באַגלייט זיי
אַזוי גרויסמוטיק
אין זייער רו . . .

# בערקשירס

פאַר׳עקשנ׳טע וועכטער
ביי טויערן פון וועלט-באַשאַף
פאַרגליווערטע אין שטיין:
פלייצע צו פלייצע,
ברוסט צו ברוסט,
קאָפּ איבער קאָפּ —
אין אַ פּרעכטיקן ריטואַל
קניען זיי אַנטקעגן הימל
אין פוכיק-בלויע שלייערן פון וואָלקן-אָטעם —
רויכערן זיי מיט ווייַרוך צו די הויכן —
זיי היטן אָפּ
דעם סוד פון צייטן
ווען עלטער-עלטער זיידעס האָבן סטעזשקעס אויסגעטראָטן
פאַר אונדזערע ברייטע וועגן.
קלוגע זקנים מיט מיחות׳דיקע פליכן
מיט פנימ׳ער צעטריקנט און צעקאַרבט,
ווי שאָלעכצן פון נים.

ביי פיס פון ריזן
טוליען זיך יונגע בערגלעך,
איינגעטונקט אין זוניקע ניואַנסן
פון ניי-גרין און פון פורפל-בלוי —
קעפּעלעך צעפּאַטלט-קוטשעראַווע
מיט ווייסע שרונטן —

און גרינע צעפּ
ציען זיך פון אונטן אויף אַרויף
צום סאַמע שפּיץ —
טרעפּ צו שענסטער קרוין פון בערקשיירס —
יעקב׳ס לייטער!
אַן אויסגעטראַכטע וועלט!
באַרג רוקנס און טאָלן
ווי אומיסנע אויסגעפורעמט
און נאַכלעסיק צעשטעלט אויף ברייטער קאַנווע פון נאַטור:
אַ טייך — אַ זילבער שנור,
אַן אָזערע — אַ שיסל גאָלד
וואו יונג-צעפלאַמטע זון
טבל׳ט זיך פאַר שלאָפן-גיין
אין אָרעמס פון דעם וואַלד!
אַ שטאָט, אַ דערפל — אַן אַרבעסל די גרוים —
זיי ליגן דאָ פאַרנאַנדערגעשליידערט
ווי שפּילכעלעך פאַרגעסענע
אין גרין-באַוואַקסענעם שוים
פון בערקשייר-גוליווער —
אַן אויסטערלישע בינע-דעקאָראַציע
פאַר די וואָס וואַנדערן אַהער פון ווייטן
צו זען ווי שיין אַ וואַכעדיקע, גרויע וועלט קען זיין,
ווען מען דערהויבט זיך
איבער וואָלקן-כמאַרעס
צו דער הויך!

## יעקב׳ס ברונעם

יעקב׳ס ברונעם —
אַ ניט־פאַרווישטער שפּור פון אור־אַלטע פאַרצייטן:
אָט פּונקט אַזוי,
מיט זיכערער באַשטענדיקייט פון דער נאַטור,
זיינען קלאָרע וואַסערן געוונען
פאַרן פּרימיטיוון מענטשן.
צום ברונעם איז ער,
מיט דלאָניעס אויסגעהוילטע פון די הענט געקומען
איינשטילן זיין דורשט
און קילן זיינע טריט
אויף וואַנדער־וועג דורך דורות און דורך צייטן!
יעקב׳ס ברונעם — קוואַל פון לעבן —
ווי אַ מאַמע זויגט אים ערד
פון אירע אייביק־פולע בריסט,
און ס׳פליסט איר שפע איבער ראַנדן,
אין שטרעמלעך זילבערנע אויף זאַמדן
אויסגעצוואָגענע אין גאָלד פון זון
אין גרין פון וואַלדיקן שאָטן . . .
אָ, וויפל טריט האָבן שוין די שמאָלע סטעזשקעלע באַטראָטן?
וויפל „זוכער" האָבן שוין אין קלאָרער טיפעניש
געפונען זייער גורל׳דיקן באַשייד?
וויפל פּרימיטיווע קינדער־פרייד
עס קוועלט אַריין אין האַרץ
מיט יעדן טראָפּן, ווען מען נויגט און שפּיגלט זיך
אין פרישער לויטערקייט פון יעקב׳ס ברונעם —
קינד פון ערד און אייביקייט.

# ווינטער

אין בלויען הימל ניט ווייט פון די זונען
ווערן שנייען פון פאַרע געשפּונען,
שניי־קינסטלער מאָלן און וועבן אוזאָרן —
זיי גרייטן פאַר ווינטער אַ פוטער אַ קלאָרן.

יאָגן זיך ווינטן מיט שניי אויף די פּלייצעס,
שפּאַנען די וואָלקן מיט זילבערנע לייצעס:
„היפּע־יא־האפּ!" און „היפּע־יא־היי!" —
זיי זיפּן און זייען דעם פּוכיקן שניי.

זיי כאַפּן זיך יעדער אַ פעדער־וויש,
זיי ראַמען און גרייטן פאַר ווינטער דעם טיש,
זיי פּוצן די פעלדער אין געהאַפּטענע הויבן
און מאָלן אויס גערטנער־חלומות אויף שויבן.

די שטיבלעך, די שטעלכלעך, די קלויסטערנע שפּיצן
שטייען פאַרפּוצט אין פּאַיאַצישע מיצן —
די וועלט אַ באַנייטע אין פוטער אין קלאָרן
קומט מיט פאַראַד צו דעם יום־טוב צופאָרן!

אויף וועגן, אויף גאַסן, אויף בערגלעך, אויף הויפן
קומען די קינדער מיט ליאַרעם צעלויפן —
מיט גליטשערס געשאַרפטע, מיט גלעקלעך אויף שליטל,
פאַרקנעפּלט, פאַרטוליעט, פאַרריסן דאָס היטל . . .

אין לופטן די וואָלקנס אין זילבערנע לייצעס
מיט ווינטן זיך שושקען און האַלטן זיך עצות:
„היפּע־אַי־היפּ" און היפּ־אַיהאַפּ"!
זיי פייפן און בלאָזן און טראָגן זיך אָפּ!

## אַ נאַקעטער בוים אַ פאַרשנייטער

אַ נאַקעטער בוים אַ פאַרשנייטער,
איינזאַם, פאַרלאָזט אויפן פעלד,
שניי־כוואַליעס, גלאַטע, צעווייטע —
נאָך קיינער קיין פוס ניט געשטעלט.

הייזלעך — פאַרזונקענע שיפן,
סטעזשקעלעך טיפע צום שליאַך,
רויכן, צעוואַרימטע, שטיפן
איבער פאַרפרוירענעם דאַך.

ביים שויב אַ צעפּליאַטשעטעם נעזל —
אַ גרוס פון אַ פויערשן הויז,
אַ פינגערל גראַבלט אַ גרעזל
פון פראָסטיקן שייבל אַרויס.

אַ הינטל, אַ היטער אַ גוטער,
שטעמפּלט דעם שניי מיט די טריט,
פאַרפרוירן אויף אים איז זיין פוטער,
מיט אייז־ליכט, ווי פּערל, צעגליט.

דער וועג — טרויער־סטייגנע פאַרצויגן,
צעשליינגלט פון בערגל צום טאָל;
מאַשינען מיט וועלפישע אויגן —
חיות פון גלאָז און פון שטאָל.

אַ נאַקעטער בוים, אַ פאַרשנייטער
אויף פעלד — אין פאַרגליווערטער פראַכט —
אַזאַ בילד, פון נאַטור אַ געשיינקטער,
האָט ניט איינמאָל מיך גליקלעך געמאַכט.

## מיין וואָראָבעי

קאַלט און הונגעריק בין איך,
ס׳קרעכצט דער שניי אין מיינע שיך;
אויף אַ בוים מיט פראָסט באַצירט
זיצט אַ וואָראבעי און פרירט.

„וואָראָבעיטשיק — וואָראָבעי,
זאָג, וואָס פּישטשעסט דו אַזוי?
ביזט אין וועלט דאָך ניט אַליין,
כ׳קאָן דיין לידל גוט פאַרשטיין!

כ׳האָב אַ שטיקל ברויט צום קייען,
וועט עס פאַר אונזביידן סטייען —
ברעקלעך אַ פּאָר פאַר דיר
און אַ בים צי צוויי פאַר מיר.״

ברויט פון פוכקן, ווייכן שניי
פּיקט אַרויס דער וואָראָבעי:
טוויטש-טוויטש-טוויטש, אַ דאַנק, אַ דאַנק,
זאָגט ער מיר אויף קאַלטער באַנק.

לויף איך ווייטער גיך, גיך, גיך,
סקריפּעט אונטער מיינע שיך;
און צופרידן, זאַט און פריי,
שפּרינגט אַרום מיין וואָראָבעי.

# ערשטער פרילינג טאָג

דעם ערשטן פרילינג-טאָג איז גאָר אַ שניי געפאַלן,
אַ בייזער ווינט האָט זיך צעטאַנצט אויף ראָגן,
האָט זון אַרויסגענומען אירע שטראַלן,
און ס׳האָט אַ פּאַרע וואַרימע פון ערד געגומען שלאָגן.

דער פרילינג לאַכט זיך אויס פון קריעס אויף די טייכן,
דער פרילינג בליט אַרויס פון אונטער ברודנע שנייען,
ער טראָגט מיט זיך אַן אַרסענאַל אַ רייכן
פון בליטן דופטיקע און פערלדיקע טויען.

מעג ווינטער פרילינג-גאַנג אַמאָל דעם וועג פאַרצאַמען,
ער וועט אַ ליכטיקער די וועלט סיי-ווי באַגריסן;
טויט און לעבן גייען אָפט צוזאַמען:
פון פוילעניש נעמט זאַפט אין פרילינג-וואָרצלען פליסן.

מעגן גאַסן זיין מיט שניי פאַרשאָטן,
מעגן ווינטן נאַרישע אין לופטן ברומען,
דער פרילינג האָט די וועלט נאָך קיינמאָל ניט פאַרראַטן,
זי ווייסט ער וועט צו איר אַמאָל אויף אייביק קומען.

# פרילינג אין דאָרף

פרילינג־שווענל — אפריל. די גרינע טיר איז אָפן.
עס טשוכן זיך די צווייגעלעך צעוויגט פון ווינט
ס'זיינען ספּריטנע וואַסערלעך פון בערג צום פעלד אַנטלאָפן
און ערד האָט זיי פאַרשלונגען ווי אַ הונגעריקעס קינד.

די וואָרצלען וועלן באַלד די נאַקעטקייט באַקליידן
מיט גרינס און בליטן פון די זוניקסטע קאָלירן,
בלומען־שטויב וועט בוים באַהעפטן . . . שטיל, באַשיידן
און אַלטע וועלט מיט נייער פרוכט באַצירן.

ביי הייזלעך דאָרפישע אָקאָרשט צעגראָבענע בייטן,
אפילו גרינסן אַרבעטן פאַר וועלטס נצחון,
אַ פרוי געלענט אָן רידל, מיט קאָפּ פון ווינט צעוווייטן,
רעדט זיך דורך, איבערן פּאַרקאַן, מיט איר שכן.

די לופט, די ערד איז פול מיט נייעם לעבן
מ'הערט ווי קנאָספּן האָבן זיך פון הייבעלעך אַרויסגעשפּאַרט
אַ נייען גאַרדעראָב וועט זיך דאָס וועלדל וועבן
אויף בלוי־גאָלד פון הימל
ליגט וואָלקן־שטויב אין הורבעלעך פאַרשאַרט.

## טוליפּ־צייט אין שטאָט־גאָרטן

גרינע פּיסקעלעך,
ראָזע ליפּעלעך
עפּענען זיך איבערנאַכט —
געלע, רויטע טוליפּלעך
האָבן זיך אין שניי צעלאַכט.

זילבער שטרעמעלעך,
לוזשקעס גאָלדענע
ריפּלען זיך ווי פּיינער זייד,
גרעזלעך — סאַמעטלעך,
צווייגלעך — ריטעלעך,
האָבן שטאָט־גאָרטן באַנייט.

בלעטלעך איינצעלנע —
ערשט געבוירענע,
יעדעס אַ באַזונדער שניט
בוימער־קעפּעלעך,
פּיין־געשוירענע
שמעקן שוין מיט אָנהויב צווויט.

יונגע טוליפּלעך,
גרייטע קריגעלעך
מאָרגן־טוי אין זיי — ווי וויין,
קומען שטראַלעכלעך פון די בלויקייטן
און זיי זאַפּן אים אַריין.

# זון פאַרגייט

זי איז שטיל געבליבן,
ווי אַ קינסטלערין אין טאַנץ־פינאַל,
פאַרזונקען אין פלאַמיקע וואָלקן־טוליען
מיט זילבער און דימענט בראָקאַדן
אויף אונטערשלאַק און זוימען . . .
נאַכלעסיק האָט זי
אויף ים׳יקע שוימען,
איבער בערג־קעפּ און פלאַכן
די זאַכן צעשליידערט,
די צירונג צעשאָטן
און ווינטן, מיט גריוועס ווי פלאַמיקע פערד,
באַפוילן צו טראָגן איר גאָב פאַר דער ערד —
אַ שפּע פון פאַרביקער פּראַכט.
בין השמשות — שפּיל פון זון און שאָטן . . .
שטיל . . .
זון ווערט מיד . . .
זון וויל רו.
וויעס ליכטיקע זינקען, מינען . . .
פאַלן צו . . . פאַלן צו —
די זון פאַרגייט אין פרייד —
מאָרגן וועט זי ווידער זיין.

## זי האָט דערלעבט צו זען

אַן אַלטע קעמפערין האָט זיך פון פרייד צעוויינט —
די „פּאַסן און די שטערן"
אין בונד פון בלוט פאַרברידערט
מיט „האַמער און מיט סערפּ"!
זי האָט דערלעבט אין מיטן בלוטיקסטן צעשטערן
צו זען ווי ס'עפענען זיך אויגן
און זעען טרייסט
אין לויכטנדיקן רעגנבויגן איבער שטורעמדיקער ערד!

איבער צעקנייטשטע באַקן — טרערן,
זי האָט דערלעבט צו הערן
לויב און ליבשאַפט רייד
צו די וואָס האָבן מיט דעם מוט פון לייבן,
מיט זיכערקייט און גלויבן פון מייסטער-בויער
צעברענט, צעשטערט מיט אייגענער האַנט
דעם קוואַל פון זייער פרייד
די פרוכט פון זייער מי צו ראַטעווען אַ וועלט!

אַן אַלטער וועטעראַן אין ים פון מענטשן . . .
דאָס האַרץ איז פול, די ליפּן בענטשן . . .
עס וועפּט זיך אויס דער סם פון בייזוויליקן ליגן —
עס פליעסקען הענט,
עס קרישלען זיך מחיצות, ווענט,
עס ווייען פאָנען — זיי באַגריסן, זיי דערמאָנען
דאָס גרויסע לאַנד — סאָוועטנלאַנד!

רויטע זיגן — ליכט פון האָפענונג צעשטעלט אין חשך . . .
פאָלקס־אַרמייער — מאַקאַבייער פון אַ נייער וועלט.

זי האָט דערלעבט — איר חלום איז אַ וואָר געוואָרן:
אַמעריקע און ענגלאַנד
סאָוועטנלאַנד און כינע
זיילן פון דער גרעסטער בינע,
וואו גליק פון פעלקער ווערט געפורעמט און געקנאָטן
אין שוואַרצן שאָטן פון אַ גרויסן שיין —
דאָס „זיין" פון וועלט
ווערט אויף דאָס ניי געבוירן
אין הייסן שוים פון טויט און בלוט.

# טיינגלוואוד*

## קבצנים

קבצנים קענען ווארטן!
אויף יענער וועלט
האָט מען שוין פאַר זיי באַשטעלט
אַ גן־עדן מיט אַל־דאָס־גוטס
און דאָ, אויף דער ערד
מיען זיך פאַר זיי
רבנים, גלחים און סתם פיינע לייט
און גרייטן פאַר זיי
מוזיק פון מלאכים
און מאכלים פון געטער . . .
שפּעטער . . .

## גבירים

פאַר זיך האָבן גבירים
דאָס וועלטל איינגעטיילט
און זי פאַרצאַמט —
מיט אייזערנע שטאַכעטן,
מיט הויכע טויערן,
מיט בייזע הינט,
אַז פּשוט'ער מענטש

---

* אַ מאָיאַנטעק וואָס איז אויפגעעפנט געוואָרן אין סטאָקברידזש, מאס.,
פאַרן יערלעכן מוזיק פעסטיוואַל.

זאָל, חלילה, זיין צוגערויבטן חלק ניט דערקענען
און ניט מאָנען אויף צוריק.

## טיינגלוואוד — גן עדן אויף דער וועלט

טיינגלוואוד — נעכטן —
אַ פענעצל עולם הבא אויף דער וועלט!
אַ מאַיאָנטעק אויסגעכאַליעט,
ווי די „פּאַרציייטיקע" צעקנייטשטע פּריצה'טעס,
באַדינט און באַוואכט
פון הינט און שקלאַפן
פון זון ביז זון.
די פּראַכט פון בערקשיירס
ליגט אַ געפאַנגענע
הינטער פּאַרקאַן פון אייזן,
הינטער פעסטונג פון שטיין,
פאַר אַלטע, ניט-פאַרגינערישע אויגן,
וואָס ווערן קיינמאָל ניט זאַט.

טיינגלוואוד — הייגט...
אַן אָפּגעריסענער שטאַכעט,
אַ דינינקע שפּאַרונקע
פון אַ קוים-צעעפנטער טיר
דורך וועלכער
ס'שרייט אַרויס געפּענטעטער כישוף:
פאַנטאַנען און טעראַסן-סעדער
גאָלד-פיש בעקנס,
רויזן-בייטן,

פארלאָזטע פּאַלאַצן מיט אַלעם גרייטן,
בוימער־וועכטער
ווי בערג־ווענט אַרום זיי —
און דאָס אַלץ, באַזיץ פון צוויי —
צוויי גוטע, פאַרטריקנטע נשמות
מיט אַ געמאַטערטן געוויסן
פון אַ פאַראורטיילטן קלאַס!

## לעבן אין טיינגלוואוד

אויף אויסגעקאמטע לאָנען,
אויף זאַמדיק קרוכלע שטעגן —
דאָס פאָלק
ביי טיינגלוואוד צו גאַסט:
עס גייט,
עס לאַכט,
עס שטיפּט,
עס רעדט —
אין סאלידן צאַם
פעלט שוין אַ ברעט — אַ גוטער אָנהויב!
אקאַציעס, בעריאָזעס,
קאַרשן־בוימער און רויזן־קוסטעס,
האָבן זייערע שאָטנס פאַרביינקטע
ווי טעפּיכער אויף גראָזן צעשפּרייט;
דער איינזאַמער עכאָ
פון באַרג און טאָל
האָט אין זיין ווידערקול צעשאַלט
די פרייד פון פאָלק,

דעם חן פון פידלען,
דאָס געבעט פון פאַר׳חלום׳טע פּלייטן,
דעם רוף פון טראָמפּייטן —
די וואונדער־קאָלירטע כישוף געוועבן — פון לעבן.

— — — — — — —

דאָס פאָלק האָט פאַרזוכט
די „פרוכט פון וויסן” —
דעם טעם פון געניסן
פון ערדישן גליק אויף ד ע ר וועלט.
און וועט אויסלייזן
געפאַנגענע נאַטור
פון הויכע טויערן,
פון אייזערנע שטאַכעטן,
פון פאַרעלטערטע פּריצים
און בייזע הינט.

## אַ שעמעוודיקע בלויע פיאַלקע

אַ שעמעוודיק בלויע פיאַלקע
ווינקט פונ׳ם שניי אינ׳ם גאָרטן —
צי זאָל זי אַרויס פונ׳ם באָדן,
צי זאָל זי אַביסעלע וואַרטן?!

עס בלאָנדזשעט אַ שטראַלכל, אַ ליבער,
אין קלאָרן, צעוואַרימטן הימל,
ער וואַנדערט פאַרטראַכט איבער שטיבער
און דערזעט אינ׳ם גאָרטן דאָס בלימל.

אַ גלעט — און דער שניי איז צערונען,
אַ קוש — און דערקוויקט איז דאָס בלימל:
די פרוכט פון דער ערד איז פאַרבונדן
מיט ליכטיקן אָטעם פון הימל.

# דימענטן

פאַר פרייהייט
צאָלט מען מיט לעבן,
פאַר דימענטן מיט געלט —
קויפט מען זיך בריליאַנטן
און מען שעפּט נחת,
ווען זיי פֿאַנגען ליכט און זון
און שפּינען רעגנבויגנס אויס דערפון!
שימערירן הענט מיט אויסגעבאָרגטן שיין
און ווייסן, נעבעך ניט,
ווי אָרים מען קען זיין
מיט פינגער איינגעטונקט אין דימענט־פּראַכט.

# אונדזער אָרדן

זין און טעכטער מיט טאַטעס און מאַמעס,
איין גרויסע משפחה — ווי ברידער צוזאַמען —
יענקים און רוסן, פּאָליאַקן און אידן,
צוזאַמען, צוזאַמען לעבט מען אין פרידן.

כאָר: אַן אָנשפּאַר אין נויט,
אַ חיות אין פריידן,
צוזאַמען מען גייט —
דער טראָט איז אַנטשיידן!

דער אָרדן האָט ברייטע צעעפנטע טירן
און רחבות פאַר פעלקער פון אַלע קאָלירן;
אַ פּאַלאַץ אַ גראַמער, אין מיטן בויען,
פאַר קינדער און יוגנט, פאַר מענער און פרויען.

כאָר: אַן אָנשפּאַר אין נויט,
אַ חיות אין פריידן,
צוזאַמען מען גייט —
דער טראָט איז אַנטשיידן!

חבר'שאַפט, ליבשאַפט אויף אַלערליי שפּראַכן,
צוזאַמען איז פריילעך דאָס לעבן באַוואַכן,
צוזאַמען איז לייכטער די פליגלען צעשפּרייטן,
און זיכערקייט, וואוילזיין פאַר אַלע פאַרגרייטן!

כאָר

# אינהאַלט

## מלחמה טעג

## מיין פאָלק

## מיין לאַנד